# אינהאַלט



## דער גילדענער האָן

## קינדער



## וואַונדערלעך

## זינגענדיק

## דער לערער דערציילט



געקומען איז צו אונדז סאָף פאַרגאַנגענעם יאָר און געבראַכט אונדז אַ גרוס פון דעם יידישן קולטור־לעבן און פון דער יידישער קולטור־בוי־אונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן ז י ש ע װ ײ נ פ ע ר , דער דיכ־טער, דער לערער, דער קולטור־טוער און סעקרעטאַר פון איקוף אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז איצט די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־פאַרבאַנד.

געקומען און ניט נאָר דערציילט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און אירע שעפער, וועגן די יידישע שולן און זייערע קינדער, לערער און בויער, וועגן די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, וואָס שפאַנען דורך יידיש צו זייער מענטשלעכער און געזעלשאַפטלעכער פולקאָמענהייט, נאָר גע־בראַכט האָט ער מיט זיך גופא אַ מוסטער פון דעם אַלעמען.

זישע וויינפערס דיכטערישע שמועסן וועגן דער יידישער ליטעראַטור און אירע שעפער, וועגן די אָוועס און זייערע קינדער און אייניקלעך אין נ. אַמעריקע, האָבן אונדז אין אים אַנטפּלעקט אַ פאַרליבטן און גלויביקן מענטשן — דיכטער, וואָס לעבט אין דער וועלט פון יידישער ליטעראַרי־שער געשטאַלטונג.

זישע וויינפערס דיכטונג, וואָס איז אונדז באַקאַנטער און היימישער געוואָרן אין דער צייט, האָט אונדז אַנטפּלעקט אין אים אַן ערשטראַנגיקן דיכטער, וואָס שטראַלט מיט אַלע כיינען פון דעם שאָלעם־אַליכעמדיקן יידישן קינד, מאַכמעס ער האָט אין זיין דייפקייט נישט פאַרלוירן נאָר נאָך מער זיך איינגעוואַקסן אין זיין הומאָר.

זישע ווײנפערס צעפּינקלטע אויגן שטראַלן מיט דער גאַנצער כאָכמע אײנציײטיק מיט דער גאַנצער טמימעס פון מאָטל פּײסי דעם כאַזנס, וואָס איז געוואָרן אַ דיכטער און שפּילט זיך מיט גראַמען אַזוי לײכט ווי מיט זיך און זײן אַרומיקער וועלט, און ציט זײ פון זײן שפּראַך־רײכקײט ווי פון דער געזעלשאַפטלעכער און קונסט־אַטמאָספער, אין וועלכער ער לעבט.

געקומען איז ער און פאַר די קנאַפּע צווײ כאַדאָשים, וואָס ער איז צווישן אונדז געווען, האָט ער זיך אײנגעוואָקסן און איז זיך צוזאַמענגע-וואָקסן מיט אונדז און מיט אונדזער יידיש לעבן. צוזאַמען מיט אונדז, האָט ער געזונגען און געשטראַלט. און באַנומען האָט ער ניט נאָר דאָס יידישע לעבן, נאָר אויך דיכטעריש באַנומען דעם אַלגעמײנעם אַרגענטי־נישן וועזן און האָט דאָס אויסגעזונגען אין זײן ליד וועגן דעם „לאַנד פון סאַרמיענטאָ", וואָס קומט אויך אַרײן אין דער דאָזיקער זאַמלונג און איז אַ ליד וועגן דער אַרגענטינישער שעפע און אירע קולטור־מעגלעכקײטן.

אַוועקגעפאָרן איז ער און האָט איבערגעלאָזט אין אונדז אַ גאָלדיקן אָנדענק, גאָלדיק און נישט פאַרגעסלעך ווי אַ זון-אויפגאַנג, וואָס קריצט זיך אײן אין זיקאָרן אַפן גאַנצן לעבן. און איבערגעלאָזט האָט ער אויך אַן אָדיזנע פאַר אונדז און אונדזערע קינדער אָט דעם „גילדענעם האָן", דאָס ביכל קינדער־לידער, וואָס אונדזער איקוף־פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן.

דאָס זײנען לידער פאַר קינדער, אײנציײטיק גלויביקע און קלוגע, אײנציײטיק טרוימערישע און בויענדיקע, צעשטראַלטע און צעזונגענע ווי זײער לערער דער דיכטער און ער ווי זײ אַ צעשטראַלטער און צעזונגענער.

פּ. קאַץ

# דער גילדענער האָן

פלאַמענדיק, ציטערדיק ציט זיך דאָס פייער
איבער דעם שטרויענעם דאַך פונעם שייער.
דרייט זיך און ציט זיך ארויף אין דער הויך,
ציט זיך און ציטערט דורך גרויליכן רויך.
ציטערט און ציט זיך אַלץ העכער און העכער,
אָט, ווי אַ רויטלעכער, גילדענער פעכער
אָט, ווי אַ רייע צעפלאַטערטע פענער
און אינעם שייער, — די הינער, די הענער.
זעען זיי, הערן זיי, וואָס דאָ קומט פאָר?
עס הענגט זייער לעבן דאָך אָף אַ האָר!
באַלד, באַלד, און דאָס פלאַמענדיק פייער
פאַרצערט דאָך דעם גאַנצענעם שייער!

נאָר די הינדעלעך, הענדעלעך זיינען פאַרטאָן,
ווייל עס זיצט דאָך מיט זיי דער גילדענער האָן
מיט אויגן פאַרשלאָסענע צו אַלצדינג אַרום,
איז מען, ווי ער, אויך שוין שווייגנדיק, שטום.

אינעם צעכוואַליעטן, רויטלעכן פלאַם
רויטלט זיך רויטער זיין רויטלעכער קאַם.

פייערלעך, פלעמעלעך פיל, אַ ווי פיל,
מיינט מען, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ שפּיל
לעקאָוועד דעם שיינעם, דעם גילדענעם האָן.
באַלד אָבער צינדט זיך דאָס פייער נאָך רויטער זיך אָן
און עס צעצאַפּלען זיך קראַקוועס פון דאַך,
פאַלן פאַנאַנדער מיט שרעקלעכן קראַך, —
גילדנקייט נעמט זיך מיט פייער צעמישן,
גילדנקייט נעמט זיך דורך פייער פאַרווישן,
און אַרום אים, — די הענער, די הינער, —
זיינע געטרייע, געהאָרכזאַמע דינער,
עקן און פליגל פאַררויכערט צעבלאָזן,
קאָנען דעם שייער שוין מער נישט פאַרלאָזן,
פליען זיי, יאָגן זיי און עס טראָגט זיך פון זיי
אַ שרעקלעכער יאָמער, אַ מוירעדיק געשריי:
— גילדענער האָן! אַ גילדענער האָן!
זע, וואָס דו האָסט מיט דיינע דינער געטאָן!
אין אַזאַ העלישן, פלאַמיקן פייער
איז איצט דער גאַנצענער שייער,
און וואָס איז צו טאָן? און וואָס איז צו טאָן?
פלוצלינג, זע, זע, דער גילדענער האָן
טוט צו דער נידער אַ דומפּיקן פאַל, —
דער האָן פון באַגילדעטן מעטאַל
אַ צעשמאָלצענער ווערט
אויף דער רויכיקער ערד.

# אין שול אַריין!

אין שול אריין!
אין שול אריין!
וואו איר זאָלט נישט זיין, —
אין לאנד פון פיין,
אין לאנד פון שיין.
זאָל אונדזער שול
זיין פול
מיט איציקלעך און בראָכעלעך,
מיט יאנקעלעך און ראָכעלעך.

אין שול אריין!
אין שול אריין!
אף גאָרער ערד
פון דאָ ביז דאָרט
גייט אויף, דערהערט
זיך אונדזער יידיש וואָרט.
וואו קרעכצנדיק, וואו מונטער, —
אף אונדזער יידיש גייט די זון נישט אונטער!

קינדערלעך, ווי שוואַמעלעך, —
נעכאַמעלעך,
שולאמיסלעך,
אַמעסלעך
און מיכעלעך,
נעמט זיך צו די ביכעלעך
און לערנט אַלעף, ביים און גימל,
אלעמענם די ערד, דער הימל.
הערט, ווי אונדזער יידיש וואָרט
גייט אויף פון דאָ און דאָרט,
פירט אַ גרוס,
ברענגט אַ גרוס, —
אזא געגום
אין אונדזער יידיש, —
ער איז דאָך אומעטום אף כידעש!

אין שול אריין!
אין שול אריין!
אונדזער וואָרט, —
א פראָסטע קוואָרט,
נאָר די געטראנקען
זיינען ליכטיקע געדאנקען!

זאפט פון זיידעס און פון באָבעס,
טרינק זיך אָן און האָב עס!
זאפט פון טאָטן און דער מאמען, —
וואָרצלדיקע שטאָמען!

טרינקט און ווערט
אָנגעפילט, דערנערט
פון דער גאנצער ערד
מיט אונדזער פאָלק צעזייטן
און צעשפרייטן.

אין שול אַריין!
אין שול אַריין!
וואו מען זאָל נישט זיין —
באָם בירא, יאַרדן און באם האָדסן,
באם סענא, ווייסל און באם לא־פלאטא
וואַקסן מיר און שפּראָצן —
פון א מיידעלע — א מאמע, פון א יינגעלע — א טאטע.

אין שול אריין!
אין שול אריין!
אקשאָנעסדיקער קויעך
וועט דעם שווערן רויך
פארבלאָזן און פארטרייבן, —
מיר זיינען און מיר וועלן בלייבן!

אין שול אריין!
אין שול אַריין!
דורך העלן שיין,
דורך שווערן רעגן, —
מיר גייען זיך אנטקעגן
און האלטן זיך צוזאמען
בא אלע ברעגן פון די יאמען!

# איינס און צוויי

איינס און צוויי,
איינס און צוויי,
איינס און צוויי איז דריי.
זון באהעלט
אונדזער וועלט,
לעבן איז קעדאַי.

זום-זום-זום?
זום-זום-זום?
פרעגט בא מיר א פליג.
טרא-לא-לא!
טרא-לא-לא!
ענטפער איך צוריק.

איינס און צוויי,
איינס און צוויי,
צוויי און צוויי איז פיר.
ווינטל-בלאָז
אפן גראָז,
בלאָזט עס אויך אף מיר.

טרי-לי-לי,
טרי-לי-לי,
זינגט א וואסערפאל.
בליאסקעט, בלענדט,

גליט און ברענט
איבער אים א שטראַל.

דריי און פיר,
דריי און פיר,
פיר און פיר איז אכט.
אפן קארק
פון א בארג
האָט זיך ווער צעלאכט.

כא־כא־כא!
כא־כא־כא!
ווער זשע לאכט עס דאָרט?
כא־כא־כא!
כא־כא־כא!
מער דאָך נישט קיין וואָרט!

פיר און פינף,
פיר און פינף,
פינף און פינף איז צען.
קלינג־קלאנג קלינגט
פויגל זינגט,
ווייזט מיר, וואָס ער קען.

פויגל פליט,
טייכל ציט,
איך צי אויך מיט זיי.
איינס און איינס,
איינס און איינס,
איינס און איינס איז צוויי.

# עטל אין בעטל

א.

קומט אָן דער באַגינען,
שלאָפט עטל שוין ניט,
דורך די גאַרדינען
אַ שטראַל איז צעגליט.

ער מאָלט אינעם צימער
אוזאָר נאָך אוזאָר, —
אַ גילדענער שימער
גילדט עטלען די האָר.

ליגט עטל אין בעטל
אַ שאַ נאָך אַ שאַ,
איז עטל אין בעטל
אַי דאַ, אַי נישטאָ.

אוזאָרן, אוזאָרן,
און גאָלד דער קאָליר, —

א וואָגן פארפאָרן
איז שטיל צו דער טיר.

ווער קריכט פונעם וואָגן, —
ווער איז ער דאָס, ווער?
אוי, זע נאָר דאָס טראָגן
פון פעקלעך אהער!

ב.

א פעטער פון ווייטן גלעט ווייך אַף איר קאָפּ
און נעמט פון א פעקל עפּעס אראָפּ.
און שפּילעכלעך, צאַצקעלעך אַלעאַרליי, —
זי האָט שוין קיין פּלאַץ נישט אין צימער פאר זיי!
אוי, זעט נאָר אַן עלפאַנט, אוי, זעט נאָר א פערד, —
א פרינצל מיט שפּאָרן, ווי גלאנציק זיין שווערד!
און אָט איז אַן אינדיק, א קעצל, א האָן, —
א בייטשל קאָרעלן טוט עטל זיך אָן.
עס שמייכלט דער טאטע, די מאמע זיך פרייט, —
אזוי כאַלעמט עטל אין זיך שטילערהייט!

ג.

א גוטינקער פעטער, —
געזונט זאָל ער זיין!
ער שטייט א צערעדטער,
און ליולעט זי איין.

א פּעטער — א מאַיסע,
וואָס ציט זיך און ציט.
צוויי טייבעלעך ווייסע,
א זון איז צעגליט.

א פאָרהאַנג, א ווינטל,
א שטראַל אף דער וואַנט, —
א קעצל, א הינטל
זיך שפּילן באַנאַנד.

אזוי כאַלעמט עטל
א שאָ נאָך א שאָ,
און עטל אין בעטל
איז דאָ און נישטאָ.

# אין אַ שטרויען װעגעלע

אין אַ שטרויען װעגעלע
שפּילט זיך מיט אַ בייגעלע
עמעצנס אַ קינד.
איבער דעם — אַ פֿייגעלע
װאַרפֿט אַ זשעדנע אייגעלע
און פֿאַרשװינדט.

שטרעקט דאָס קינד דאָס בייגעלע
צו אַן אַנדער פֿייגעלע;
— העע־העע! הי־הי!
הױבט זיך אויף דאָס פֿייגעלע,
פּיקט און פּיקט דאָס בייגעלע:
— פּי־פּי! פּי־פּי!

# מײַן מײדעלע

איך האָב אַ קלײנטשיק מײדעלע
מיט ראָזע, װײכע בעקעלעך.
די הערעלעך צעפּלאָסענע,
זײ הענגען װי די גלעקעלעך.

צעװײנט זיך װען מײַן מײדעלע
און טרערט מיט אירע אײגעלעך,
דערצײל איך איר אַ מאַיסעלע
פֿון בלױע, װײסע פֿײגעלעך.

אַנטשװיגן װערט מײַן מײדעלע
און װישט זיך אױס די אײגעלעך, —
זי װאַרט, אַז קומען זאָלן באַלד
די בלױע, װײסע פֿײגעלעך.

# אַ מיידעלע מיט אַ בלימל

א קליין, בלאָנד מיידעלע
אין א ראָזעוון קליידעלע
שפּילט זיך אין דרויסן מיט א בלימל,
און עס שמייכלט אזוי ליכטיק דער הימל.
א טויב אפן טראָטואר
טוט זיך א צעשאָר
און צעשפּרינגט זיך קאָדעש פון כידעש.
דאָס מיידעלע לערנט יידיש
אונטערן פרייען הימל
מיטן בלימל:
— אלעף, ביים, גימל! —
קלינגט איר קעלעכל
אָט, ווי א לעפעלע איבער א פּאָרצעלייען שעלעכל,
און אָט, ווי א זילבערן גלעקעלע.
ווינטל בויגט אירם א לעקעלע
ארונטער צום נעזל
און טוט דאָס א צעבלעזל,
און אזאַ שמייכלענדיקער הימל
איבערן מיידעלע מיטן בלימל.

# פאַרוואָס?

נידל-נאָדל-נאָדלטעשל,
איטע טרינקט פון פלעשל
מילעך,
וויל איך
אויך אזוינס, אזעלעכס,
פרעגט די מאמע: — וועלעכס?
ווייז איך אפן פלעשל.
נידל-נאָדל-נאָדלטעשל,
אלעמיי טרינקט איטע!
שרייט די מאמע: ניטע!
טשעפּע נישט דאָס פּיצל
און זי רופט מיך: היצל!

היצל, היצל, — מיילע פּיצל
ווייס איך, אָבער היצל,
וואָס איז דאָס?
שנעלט דער טאַטע מיך אין נאָז,
און ער לאכט, — היצל,
זאָגט ער, איז א גראם צו פּיצל.

זעט איר, גראמען קאָן איך בעסער!
כאָטש מיין טאטע איז פיל גרעסער,
נעם איך זיך פארהערן.
זאָגט ער: בערן, שטערן!
זאָג איך: שערן, קערן!
פרעגט ער: וואָס?
זאָג איך, גלאָז!
טאינעט ער: די גלאָז איז דאָך מיט מילעך!
ענטפער איך אים: וויל איך!
זאָגט ער: ביסטו דאָך אַ נאָדלטעשל!
וויין איך: — איטע טרינקט פון פלעשל,
און איך טרינק פון גלאָז, —
פארוואָאָאָסס?

# אַ שפּיל אין גראַמען

שפּילן קינדער זיך אין גראַמען,
הערן זיי נישט אויף צו ליאַרמען:
קאַמען!
יאַמען!
אייגלעך,
בייגלעך,
בעקלעך,
שטעקלעך!
און זיי שיינען, פלאַמען
און זיי האָבן טויזנט טאַמען!
ביכל,
שיכל,
עם א קיכל!
נעם א טיכל
פארן נעזל
רייזל
שיינע!
קליינע
מיידל

מיטן קליידל
אזוי איידל,
ווי א דריידל
דרייט זיך,
פרייט זיך!

יינגל,
צינגל,
ווי א קלינגל
קייקלט אום זיך, ווי א רינגל.
מערער,
שערער,
קוימענקערער
גראמען זיי שוין מיטן לערער, —
ווערט דער לערער ברויגעז, —
אז מען כויזעקט, — וואָס זשע טויג עס?
און ער ווייזט זיי אויפן טאפל,
גראמען זיי אים מיט א קנאפל.

לאכט דער לערער מילד און מילדער,
ווערן קינדער ווילד און ווילדער
און עס טראָגט זיך א געפילדער.
כעוורע איבער בענק און טישן
און די ווערטער מישן זיך און מישן.
בעט דער לערער: — קינדער שטילער!
ענטפערן זיי אים: — שטילער וויל ער!
ווערט דער לערער גאָר בערויגעז,

אז מען טומלט, וואָס זשע טויג עס?
זעען קינדער — שטילקייט וויל ער,
שרייען זיי שוין: שטילער! שטילער!
און מען זעצט זיך שטיל אַנידער,
און מען נעמט זיך גראַמען ווידער:
קידער,
ווידער,
שיינע לידער,
אַלע מענטשן זיינען ברידער, —
אַלע מענטשן, אַלע ראַסן,
אויס מיט קלאַסן!
ליבשאַפֿט איז איעדנס כיילעק, —
מענטש איז הייליק! הייליק! הייליק!
שמייכלט ליבלעך שוין דער לערער,
און מען גראַמט אַלץ מער און מערער!

# אַ קינדער־ביכל

אַמאָל איז געווען
אַ האָן מיט אַ הון,
און וואָס איז געשען?
מען ווייסט שוין דערפון!

דער האָן האָט געוועקט
גאַנץ פרי מיט אַ קריי,
די הון האָט געלייגט
פאַר קינדער אַן איי.

אַ בלעטל אַהער,
אַ בלעטל צוריק,
און אָט איז אַ בער,
און אָט איז אַ ציג.

דאָס בערעלע — בו!
דאָס ציגעלע — מע!
און אָט איז אַ קו,
אַ קעלבעלע, זע!

אמאָל האָט אַ קו
געבוירן אַ קאַלב, —
געבערט ערגעצוואו
אַ קו דען אַ שוואַלב?

אַ פינגער אַ פיר,
אַ בלעטל אַ דריי,
און זאַכן פאַר מיר
פאַרשידנערליי!

אַ אינדיק, אַ האָן,
אַ טיגער, אַ קאַץ.
אַ יעגער שטעלט אָן
זיין ביקסל און — באַץ!

אַ שוועלבעלע פליט
אַרויף אַף אַ דאַך,
די זון איז צעגליט
מיט שטראַלן אַ סאַך.

אַ בלעטל אַ הויב,
אַ בלעטל אַ מיש,
און אָט איז אַ טויב,
און אָט איז אַ פיש.

אַ מאָל איז געווען
אַ מאַיסע אַזאַ,

אמאָל איז געשען, —
זייט שטיל און זייט שאַ!

פון ביכל דאָס קאָל
דערציילט און עס רעדט, —
עס קומט דער אמאָל, —
ווי ליבלעך ער גלעט!

# די מאַיסע פון דער ווייסער ציג

עס לייענט מאַ מיר מאַיסעס
שטענדיק פארן שלאָפן,
און איך הער די מאַיסעס
מיט די אויגן אָפן.

שטיל איז. לייענט מאמע
שטילער — קוים צו הערן,
ווייס איך, אז זי וויל מיסטאָמע,
אז איך זאָל אנטשלאָפן ווערן.

און נישט איינמאָל טאַקע
האָט זיך עס געטראָפן, —
מאַיסעלעך געשמאקע
מאכן מיך צום שלאָפן.

אויך די לעצטע מאַיסע,
אוי, ווי איך באדויער!
עס האָט די ציג, די ווייסע
מיך פארוויגט אין טרויער.

אוי איז דאָס אַ מאַיסע,
אַט־אַ די פון נעכטן!
אַזאַ שיינע ציג, אַ ווייסע,
וואָס מען וויל דערשעכטן.

עס האָט דער ציגן־פרעסער
זי אין שטאָל פארנומען
און דאָס שאַרפע מעסער
אין זיין האַנט גענומען.

אוי איז דאָס אַ מאַיסע, —
ציגענער געציקל!
עס רייסט די ציג, די ווייסע
ווילד זיך פונעם שטריקל.

מע! און בע! און ווידער מע!
עס וויינט און בעט די ציג זיך, —
מע! און בע! און ווידער מע!
און אין בעט איך ליג זיך!

שטיל! — און מיט דער מאַיסע
פונקט, ווי שטענדיק איז געשען, —
סטאַדעס, סטאַדעס ציגן ווייסע
האָב איך שוין אין שלאָף געזען.

ווייסע ציגן בעקענדיק,
איך בין אויך אַ ציג.

און ווי זיי זיך שרעקנדיק
פאַרן פרעסערס שטריק.

לויפן מיר און וואַרפן זיך
אַט אַהין און אַט צוריק.
איבער אונדז פאַרוואַרפן זיך
גראָבע שווערע שטריק.

בע! און מע! און ווידער מע!
מיט אַזאַ מין טרויער.
בע! און מע! און ווידער מע!
עס קלינגט מיר נאָך אין אויער.

זילבערנע לעוואָנע
האָט זיך וואו פאַררוקט, —
בע! און מע! — אַזאַ סאַקאָנע
האָט זיך אָנגערוקט.

נאָך אַזאַ מין כאָלעם
וויל איך מער נישט זען, —
ציגנפרעסער, זאָל אים
אַלדאָס בייז געשען!

איצטער קוקט באַגינען
דורך אַ שויב אַריין.
און אויף די גאַרדינען
שפּילט זיך אום אַ שיין.

נאָר דעם סאָף פון מאַיסע
ווילט זיך גערן וויסן, —
האָט די ציג, די ווייסע
פאָרט זיך אויסגעריסן?

נעם איך פונעם טישל
ביכעלע אין בעטל,
שטייט דאָרט פון א פישל
און א מיידל: עטל.

פישעלעך פון טייכל
האָט א מענטש געפאַנגען, —
עטעלען א מאַיכל
צו דערלאַנגען.

פישעלע און עטל, —
אויך א שיינע מאַיסע, —
נאָר איך זוך דאָס בלעטל
פון דער ציג, דער ווייסער!

# א גענאנגל

קאָנט איר יאָ. צי קאָנט איר ניט,
זינגט מיט מיר דאָס לידל מיט.
טריי־ליי־ליי!

מיט א גראם, צי אָן א גראם,
זינגען דארף מען מיט א טאַם.
טריי־ליי־ליי!

ווערט אייך נימעס טריי־ליי־ליי,
זוכט אָן אנדער וואָרט דערביי.

קידעש,
יידיש,
און יארידיש
גראמען זיך אין אונדזער יידיש:
טאמעס,
שאמעס
און שולאמעס
גראמען זיך מיט ליבע מאמעס!

עפשער ווילט איר — טרעם־בעם־בעם,
גראמט זשע דאָס מיט מירצעשעם.
טרעם־בעם־בעם!

מירצעשעם אין א וואָך
ווערן מיר אלע עלטער דאָך!
טרעם־בעם־בעם!

# גרעזעלעך

ווײַנען גרעזעלעך אין וואַלד, —
אום דער זומער, האַרבסט שוין באַלד.
ווײַנט נישט, ווײַנט נישט גרעזעלעך,
זומערס זײַנען דאָ אַ סאַך!

ווײַנען גרעזעלעך אין וואַלד, —
האַרבסט און ווינטער זײַנען קאַלט, —
ווײַנט נישט, ווײַנט נישט גרעזעלעך,
זון און הימל אױף דער וואַך.

ווײַנען גרעזעלעך אין וואַלד,
זון אום ווינטער איז דאָך קאַלט, —
ווײַנט זשע, ווײַנט זשע גרעזעלעך,
לײַכטער ווערט פון טרערעלעך!

# העזל אַפֿן גראָז

הילפֿלאָז לויפֿט א האָז
הין און הער, —
הילפֿלאָזער פֿון האָז
ווער איז, ווער?

וויינט און קרעכצט דער האָז
אין דער נאַכט, —
העזל אַפֿן גראָז
נישט באַוואַכט.

העזל אַפֿן גראָז,
בו, בו, בו!
און דאָס ווינטל בלאָזט
הו, הו, הו!

העזל אַפֿן גראָז
נישט אַליין,
אויך דער ווינטלבלאָז
אין געוויין.

ווינטל און דער האָז
הין און הער, —
הילפלאָזער פון גראָז
ווער איז, ווער?

גרעזל, ווינט און האָז
אין געוויין...
העזל אפן גראָז
נישט אליין.

# וועוורקלעך

וואָלקנס בלייענע פֿון אויבן,
זאָגן אָן אַף קעלטן, —
נישט קיין וואונדער, וואָס אין גאָרטן
איז אַ מענטש איצט זעלטן.

בלעטער פֿאַלן פֿון די ביימער,
ווערן שיטערער די צווייגן,
און די וועוורקלעך פֿון אונטן
קוקן שרעקעדיק און שווייגן.

אויערלעך פֿאַרשפּיצטע,
אויפֿגעשטעלטע עקן, —
אוונט שאַרט זיך צווישן ביימער,
ווי אַ בלינדער מיט אַ שטעקן.

צווישן הויפֿנס בלעטער
שאָלעכצלעך פֿון ניסלעך, —
וועוורקלעך דערשראָקן
שאַרן מיט די פֿיסלעך.

# שטורעמס

שטורעמס בושעווען אין דרויסן,
טוליען קינדער זיך צו מאַמעס,
און אין זייער צאַר דעם גרויסן
טרייסטן מאמעס זיי מיט טאַטעס.

טאַטעס איז דעם האָריזאָנט אריבער
און געלאָזן שוואַך דעם קאַלטן,
האָבן קינדער אין די שטיבער
לעבן מאמעס זיך באהאלטן.

— גאָט אין הימל, — קרעכצן מאמעס,
טוליענדיק צו זיך די קינדער.
— שיק צוריק דעם ליבן טאַטעס,
גיכער, גיכער און געשווינטער.

הערט דעם רוף דער גוטער טאַטעס,
איילט ער איבער אלע וועגן
צו די ליבע, גוטע מאמעס
פאַר די קליינע קינדערסוועגן.

# טרעט נישט אַפֿן גראָז

טרעט נישט, טרעט נישט אויפֿן גראָז,
גראָז איז צאַרט און דין.
מיט אַ לייכטן ווינטלבלאָז
יאָגט זיך אָן אַ בין.

בין און ווינטל — גוט איז זיי
פֿליען הויך און גרינג!
מיט אַ לייכטן הויב און דריי
פֿליט און פֿליט אַ שמעטערלינג.

פֿלאַ, פֿלאַ, פֿלאַ און זשום, זום זום
מישן זיך צונויף.
אין דער גלייך און אין דער קרום
הויבט ער גרינג זיך אויף.

טענצלט אין דער לופֿט אַ וואַלץ,
דרייט זיך אין אַ ראָד,
און די זון אויף אַלץ און אַלץ
שײַנט מיט גרויס גענאָד.

טרעט נישט, טרעט נישט אויפֿן גראָז,
גראָז איז צאַרט און דין:
ווילט זיך טאָן אַזוי אַ לאָז
בין איך נישט קיין שמעטערלינג, קיין בין!

# די האָלבע לעוואָנע

ווי אַ קאַשיקל קוקט אויס די האָלבע לעוואָנע,
פונקט אַזאַ איז דאָ בײַ אונדז אין קיך.
— מאַמע, מאַמע, האָט אויך די לעוואָנע
שמעקעדיקע פּרוכט אין זיך?

שמייכלט מאַמע און די פינגער נעמען
גליטשן אַזוי ווייך זיך איבער מיר,
— מאַמע, מאַמע, קאָנסטו נישט אַרונטערנעמען
אָט דאָס קאַשיקל פאַר מיר?

עפּל, באַרן, פלוימען און מאַראַנצן, —
איך וואָלט פון אַלע איצט פאַרזוכט: —
— קינד מײַנס, שטערן אויפן הימל גלאַנצן
גילדענער פון אַלע פּרוכט.

— מאַמע, שטערן קאָן מען דאָך נישט עסן,
ווי די פּרוכט פון קאַשיקל אין קיך,
שמייכלט מאַמע, און זי נעמט מיך פרעסן
אַזוי האַרציק ווייך צו זיך.

# שיקסעלעך און גענדזועלעך

אױף די אויסגעשפּרייטע, גרינע לאָנקעס
שיקסעלעך אין רויטלעכע קימאָנקעס
פּאַשען קליינע, יונגע ווייסע גענדזועלעך,
און די גרעזעלעך ווי גרינע פרענדזעלעך
ציטערן אַרום די יונגע גענדזעלעך.

שטיל און ליכטיק אױף דער גרינער לאָנקע,
בלעזלט זיך א דינע, רויטלעכע קימאָנקע
פונעם ליכטיק־שטיפערישן ווינטעלע.
פונעם וועג יאָגט זיך אָן א הינטעלע,
ציטערט אױף די גרעזעלעך א פּינטעלע.

פון דער הייסער זון אין בלויען הימל
פאלט אױף שיקסעלעך א דרימל,
לייגן זיי זיך אױף די גרעזעלעך,
אָטעמען מיט יונגע און געזונטע נעזעלעך
צווישן גרינע, שמעקעדיקע גרעזעלעך.

אָבער, אַז די זון לאָזט זיך אַרונטער,
קלינגען אין דער לופֿטן פֿריש און מונטער
קעלעכלעך, ווי דינע גלעקעלעך, —
איבער ווייסע פֿליגעלעך און עקעלעך
פּאַכען גרינע, דינע, ווייסע שטעקעלעך.

פֿון די אויסגעשפּרייטע, גרינע לאַנקעס
שיקסעלעך אין רויטלעכע קימאַנקעס
צוגענומען האָבן שוין די גענדזעלעך,
ציטערן נישט מער קיין פֿרענדזעלעך,
גרעזעלעך אַרום די גענדזעלעך.

# קיצל־קעצל

זונשטראַל וויגט זיך אַפן דיל
און אין שטוב איז שאַ און שטיל.
זעט דאָס קעצעלע דעם שטראַל,
טוט עס אויפן שטראַל א פאַל, —
קיצל־קעצל — מיא־מיא־מיא!
און דער זונשטראַל שטיל און שאַ.

זונשטראַל וויגט זיך אַפן דיל,
קיצל־קעצל וויל א שפיל, —
שמעקט עס, לעקט עס, דרייט דעם עק,
רוקט זיך הינטערוויילעכס אָפּ מיט שרעק, —
קיצל־קעצל — מיא־מיא־מיא!

פלוצלינג שפרינגט עס אויף אַף גיך,
האָט דאָס שוין דעם שטראַל אַף זיך.
שפרינגט עס, טאַנצט עס, טוט א פאַל,
בייסט און שלאָגט זיך מיטן שטראַל, —
קיצל־קעצל — מיא־מיא־מיא!
און דער זונשטראַל שטיל און שאַ.

קיצל-קעצל פּיסל שאַרט, —
שלעכטער זונשטראַל, וואַרט נאָר וואַרט!
קוקט אַף שטראַל מיט אַנגסט און שרעק,
טוט אַ ניס און טוט אַ שמעק, —
קיצל-קעצל — מיאַ-מיאַ-מיאַ!
און דער זונשטראַל שטיל און שאַ.

קיצל-קעצל הויב און דריי,
וויל פון זונשטראַל מאַכן צוויי.
קיצל-קעצל — הויב און פאַל,
אַלץ דער זעלבער איז דער שטראַל, —
קיצל-קעצל — מיאַ-מיאַ-מיאַ!
און דער זונשטראַל שטיל און שאַ.

בלאָזט דאָס קעצל בייז זיך אָן,
שטייט און ווייסט נישט וואָס צו טאָן,
טוט אַ ניס, אַ לעק, אַ שמעק,
רוקט פון שטראַל זיך אָפּ מיט שרעק, —
נעמט זיך פּיעשטשען: — מיאַ-מיאַ-מיאַ!
און דער זונשטראַל שטיל און שאַ.

# גאָלד און גרין

די גענגט דאָ באַבאַרגט, באַטאָלט,
פון אונטן גרין, פון אויבן גאָלד.
און ווער האָט עס אַזוי באַמאָלט
דעם טאָל מיט גרין, דעם באַרג מיט גאָלד?
עס האָט זיך עמעצן אַזוי פאַרוואָלט
א טאָל מיט גרין, א באַרג מיט גאָלד.
פאַר גרויען וועג איז מען באַצאָלט, —
געבענטשט זאָל זיין דאָס גרין און גאָלד!

# בערל

בערל איז אַ יונג מיט ביינער,
נאָר ער קאָן נישט ציילן, —
אַזאַ נאַריש יינגל איז ער, —
עס איז אַ כאַרפּע צו דערציילן.

וויפל איז אַ דריי און פינף?
גלאָצט ער מיט די אויגן.
בערל! בערל! — ברומט דער טאַטע,
וועסט צו גאָרנישט טויגן!

נעמסט אַרונטער זעקס פון פערצן,
וויפל איז געבליבן?
קראַצט זיך בערל אויפן שטערן,
און ער ענטפערט: — זיבן!

— בייזערט זיך אויף אים דער טאַטע: —
בערעלע, — בערולע! —
דריקט די מאַמע אים צום האַרצן, —
בערל, — מיין געדולע!

בייזערט טאַטע זיך אַף מאַמען: —
וואָס וועט פון אים ווערן?
טרייסט די מאַמע זיך מיט האָפענונג: —
זאָל ער מיר נאָר עלטער ווערן!

עלטער־שמעלטער! — ברומט דער טאַטע, —
וועט צו גאָרנישט טויגן!
פילט זיך בערל שולדיק, שטייט ער,
גלאָצנדיק די אויגן!

# האָדעלע

האָדעלע איז קליינגעוויקסיק,
מען זאָגט, — זי איז א זיבעלע.
אייגעלעך — לאמטערנדלעך,
אין בעקעלע — א גריבעלע.

און א גרויסע שטיפּערקע
איז די קליינע האָדעלע,
דעם א שטעכיק שפּילקעלע,
יענעם מיט א נאָדעלע.

האָדעלע! אוי האָדעלע!
מען הערט נישט אויף צו קלאָגן זיך.
האָדעלע! אוי האָדעלע!
זי הערט נישט אויף צו שלאָגן זיך.

אזא קליינטשיק מיידעלע,
שטיפט מערער פון א ייִנגעלע,
זאָגט מען איר א וואָרט אמאָל,
ווייזט זי אייך א צינגעלע!

האָדעלע, — א שטיפּערקע,
נאָר זי דרייט זיך ווי א רעדעלע, —
קינדער, קינדער גיט אן עצה,
וואָס צו טאָן מיט אזא מיידעלע?

# לייזער

לייזער האָט אַ מאָדנע טעווע,
ענטפֿערט דיר נישט צו דער זאַך.
האָבן קינדער מיטן לערער
אָפּט צוליב אים שפּאַס אַ סאַך.

איינמאָל, פֿרעגט אין קלאַס דער לערער
ווער אַוראָם אָווינו איז געווען,
כאַפּט זיך לייזער פֿונעם בענקל:
איך האָב אַן עראָפּלאַן געזען!

לאַכן הילכיק אַלע קינדער,
און דער לערער לאַכט אויך מיט,
גוט איז נאָך, וואָס אונדזער לערער
איז קיין בייזער נים.

— לייזער, לייזער, — פֿרעגט ער מילד אים: —
וואו געפֿינסטו זיך אַצינד?
שמייכלט לייזער און ער ענטפֿערט:
עס פֿליט אַן עראָפּלאַן געשווינט.

לאכן העכער נאָך די קינדער,
און דער לערער לאכט נאָך מער: —
לייזער, לייזער, קומסטו איצטער
אַף אַן עראָפּלאַן אהער?

אָט אזא מין יונג איז לייזער,
זיצט ער ,דאכט זיך, אז ער שלאָפט,
וואָלט געווען אַן אנדער לערער,
וואָלט ער אים דערפאר באשטראָפט.

פרעגסט אים עפּעס, ענטפערט ער דיר: —
אפן בוידעם א יאריד,
נאָך א גליק, וואָס אונדזער לערער
איז קיין בייזער ניט!

# מינעלע די דינע

ווי א שטענגעלע א שלאנקע,
ווי א דראָטעלע א דינע,
הייסט זי טאָקע בא די קינדער: —
מינעלע די דינע.

האָט די מאמע שטענדיק צאָרעס,
ווען עס קומט צום עסן,
כאָטש זי קאָן מאכאָלים גרייטן,
ווי פאר א פרינצעסן.

יאכלעך זיינען איר נישט ניכע,
און קיין ברויט אוואדע,
גיב איר בלויז צוקערקעלעך,
אייזקרעם, שאָקאָלאדע.

איידער נאָך זי הויבט אָן עסן,
איז זי שוין א זאטע,
בייזערט זיך די מאמע,
בייז איז אויך דער טאטע.

נאָר עס העלפט נישט, — אף איר בענקל
איז זי אַ שפּרוזשינע, —
נישט אומזיסט האָט זי א פענעמל,
ווי אַ לימענע אַ גרינע.

# שמילקע מיט דער פילקע

בא כאווירים הייסט ער: סאלי,
בא דער מאמען שמילקע, —
רווישיק איז ער, ווי א כוואליע,
שטענדיק מיט דער פילקע.

שיינט די זון נאָר דורך די שויבן
לויפט אין דרויסן שמילקע, —
פילקעס פליען אים פון אויבן,
פליט אויך שמילקעס פילקע.

סאלי! סאלי! שטערסט דאָס שפּילן:
בייזערן זיך די כאווירים,
נאָר אז שמילקען ווילט זיך שפּילן,
זיי א בעריע, שטער אים!

איז א קינדערישער ליארעם
אינעם זוניקן נאָכמיטיק,
און די זון איז העל און ווארעם
צווישןביימער גרין און צוויטיק.

צווישן גרין געדיכטע צווייגן
פליען פילקעס אום און קנאלן.
ביימער קוקן צו און שווייגן
ווי די בלעטער פאלן.

נאר נישט שווייגן וויל דער אויטאָ,
וואָס איז פלוצלינג אָנגעפאָרן, —
בלאָזט און רעוועט: — טראַטאָ, טראַטאָ!
מיט זיין בייזן האָרן.

לויפן אלע פונעם בלאָז,
נאָר עס לויפט נישט שמילקע, —
אָטאָ-שמאָטאָ, — נישט פארלאָזן
וועט ער דאָ זיין פילקע.

גוט איז נאָך, וואָס דער שמילקע
האָט זיך דאָך איינגאנצן נישט פארלאָרן, —
איידער זיך, שוין בעסער פילקע
לאָזן איבערפאָרן!

# כאַנקע, די ציגאַנקע

באַ דער מאַמען הייסט זי: —
כאַנע, אָדער כאַנקע,
און באַ כאַווערטאָרנס: —
כאַנקע, די ציגאַנקע.

אַף אַ קינדערישן יאָנטעוו,
עפּעס אַ הוליאַנקע,
האָב איך אָנגעטראָפן
כאַנקען, די ציגאַנקע.

אייגלעך — שוואַרץ און גלאַנציק,
ווי צוויי שווערדלעך בלאַנקע,
קליידל — אַ ציגיינעריש
רויטע סאַראַפאַנקע.

— ווער איז אָט די קליינע?
— ווער איז די ציגאַנקע?
פּלוצלינג אַ פּאָר אייגלעך,
ווי צוויי שווערדלעך בלאַנקע.

— איך בין א יידיש מיידל!
— איך בין נישט קיין ציגאנקע,
און מיין מאמע רופט מיך: —
כאנע, אָדער כאנקע!

וויל איך מער שוין וויסן,
איז נישטאָ שוין כאנקע, —
צווישן קינדער שפּרינגט זי
פרייליך אום א שלאנקע.

# כאַווע

זיבן יאָר מיט צוויי כאַדאָשים
אַלט איז אונדזער כאַווע,
און אַ מיידעלע, אַ ברען,
מאַמעש אַ שטיק לאַווע.

וואו אַ טומל איז איר נעזל,
אומעטום — אַ בראַווע.
יעדער זאַך, וואָס איז אַרום איר
איז פֿאַר איר טשיקאַווע.

ליידט פֿון איר אין שטוב די מאַמע,
און אין שול דער לערער,
און די קינדער אינעם דרויסן
ליידן דאָך נאָך מערער.

נעמט מען אויף איר שרייען,
קוקט זי אומגעדולדיק,
האָט אַף אַלצדינג גלייך אַן ענטפֿער:
— וואָס בין איך דען שולדיק!

טאַקע, טאַקע, — אַ ראַכמאָנעס, —
אומגליקלעכע כאַווע, —
קאָן אַ מיידעלע זיך העלפֿן,
אַז איר בלוט איז לאַווע?

# סעמי דער שיכפוצער

די אלטינקע הייזער אין געסל,
ווי קראנקע פארקאַטערטע נעז, —
עס זוכט וואָס אַ קאַץ אין אַ פעסל,
עס שמעקט מיט פארזויערטן קעז.

דאָך איז אינעם געסל אַ קעלער,
וואו אָפטמאָל ווערט העלער פון העל, —
עס איז נישט דאָס ליכט פון קיין בעלער,
נישט ליכט פון זונשטראַל אַף שוועל.

דאָס איז, ווען דאָס עלטערע יאַטל
טוט פלוצלינג די טיר אַ צעפּראַל,
און איבער זיין קליינעם ווארשטאַטל
עס טוט די מישפּאָכע אַ פאַל.

— העי, כעוורע! — שרייט ער פריילעך,
און לאָזט דאָס ווארשטאַטל אַראָפּ,
„ווער גוט איז געוועז דעם טייל איך
אַ גילדענע קרוין אפן קאָפּ".

אזוי־אָ טוט ער זיך א וויצל,
און פּאַקט אוים א ברויטל מיט קעז,
ער שניידט אָפּ פּאר יעדן א פּיצל
און ווישט זיי דערביי אָפּ די נעז.

און שוועסטערלעך, ברידערלעך פאלן
מיט ליבשאפט ארויף אַף זיין האַרץ,
— העי סעמי! — די אייגעלעך שטראַלן,
כאַטש נעזעלעך, בעקעלעך שוואַרץ.

נאָר שוואַרצקייט איז נישט קיין כעסאָרן,
בא סעמין איז דאָס נאָר אַ גליק, —
ער איז דאָך שוין פון פאַראַיאָרן
א שיכפוצער גאָר אָן אַנטיק.

די מאמע אין קעלער איז זעלטן,
דער טאַטע א צייט איז שוין טויט,
און ער, דורך די היצן און קעלטן,
העלפט מאמען פאַרדינען אַף ברויט.

די אייגענע שטוב א פאַרלאָזטע,
די קינדערלעך זיינען פאַרשמאַכט,
די מאמע אַף ארבעט גאָר פראָסטע
בא פרעמדע פון פרי ביז באַנאַכט.

און ער מיטן קעסטל אַף סקווערן
לאָזט הערן זיין קאָל וועגן זיך:

— א ניקעלע בלויז, און עס ווערן,
ווי נייע, דאָך אייערע שיך!

די שיכפוצערייַ אַף א שטריקל,
דאָס שטריקל פאַרוואָרפן אַף זיך,
ווארשטאַטל איז גאָר אַן אַנטיקל
— עס זאָלן נאָר זיין היינט די שיך!

ער טוט זיך א לאָז פון די טרעפּלעך,
פּיף-פּאַף! און אַרויס פון דער שטוב.
דורך פענצטערל קינדערשע קעפּלעך,
ווי כאַיעלעך קוקן פון גרוב.

די שוועסטערלעך, ברידערלעך קוקן
מיט בענקשאַפט און ליבשאַפט אים נאָך,
און סעמעלעס אַקסלען זיך צוקן, —
א שווערע געווען איז די וואָך!

א רעגן אַן אויפהער גערעגנט,
דער הימל פאַרכמורעט געווען,
און וועמען ער האָט נישט באַגעגנט,
האָט יענער אים גאָרנישט געזען.

נו טאַקע, אין רעגנדיקן וועטער,
ווער קוקט עס דען אום אַרום זיך!
א מענטש אין א רעגן, ווי וועט ער
זיך שטעלן און פּוצן די שיך?

נאָר היינט איז דאָך טרוקן, א פּרעסטל,
כאָטש קאַלט איז אים היפּשלעך דאָס לייב,
ער טאַפּט אָן מיט האָפענונג דאָס קעסטל,
און טוט צו דעם סקווער זיך א טרייב.

און סעמעלעס קאָל טוט א ציקל,
טוט הילכיק א רים זיך גיך־גיך:
— היי, מיסטער, א „שו שיין" א ניקל!
א ניקל א „שיין" אױף די שיך!

ער פּוצט שוין א שוך מיט שוואַרצן,
די הענטלעך אױף זיי אין דער גיך,
ער פילט אזא גרינגקייט אין הארצן —
אַט קומט אויך א געלע פּאָר שיך.

דער סקווער אזא ליכטיקער, העלער,
די זון כאָטש א קאַלטע דאָך שײַנט, —
עס וועט אינעם טונקעלן קעלער
מיט ברויט זיך צעשמעקן שוין היינט!

# דאָס נעגערל און דאָס שלעגערל

אמאָל איז געווען א נעגערל
מיט שווארצע, טרויעריקע אויגן.
אמאָל איז געווען א שלעגערל
מיט א שארפן עלנבויגן.

האָט ליב געהאט דאָס שלעגערל
מיטן שארפן עלנבויגן
א שטורכע טאָן דעם נעגערל
אין די טרויעריקע אויגן.

וואָס זשע האָט דאָס שלעגערל
מיטן שארפן עלנבויגן
געהאט צום שטילן נעגערל
מיט די טרויעריקע אויגן?

גאָרנישט האָט דאָס שלעגערל
מיטן שארפן עלנבויגן
געהאט צום גוטן נעגערל
מיט די טרויעריקע אויגן.

די הויט פון נעגערל
א שווארצע, און א ווייסע
בא דעם שלעגערל.
א טרויעריקע איז די מאַיסע
פונעם נעגערל
און שלעגערל.

# אַ פֿאַסטוכל, אַ טרוימער

האָט א פּאסטוכל, א טרוימער
ליב געהאט צום הימל קוקן
האָבן זיך פון אונטער ביימער
וועלף גענומען רוקן.
האָבן שעפּסעלעך געבעקעט,
האָבן ציגעלעך געמעקעט,
און דעם פּאסטוך מיטן שטעקן
נישט געקאָנט דערוועקן.

ווען דאָס פּאסטוכל, דער טרוימער
האָט צום הימל זיך פארקוקט,
האָבן וועלף פון הינטער ביימער
טשערעדע פארצוקט.
האָבן שעפּעלעך געבעקעט,
האָבן ציגעלעך געמעקעט
און דעם פּאסטוך מיטן שטעקן
נישט געקאָנט דערוועקן.

און ווען דאָס פּאסטוכל, דער טרוימער
האָט א היים זיך שוין געקליבן
זיינען אונטער אלע ביימער
ביינדלעך בלויז געבליבן.
קיינער האָט שוין נישט געבעקעט,
קיינער האָט שוין נישט געמעקעט, —
אזא פּאסטוך מיט א שטעקן
מעג די ערד פארדעקן!

# מיין נעכאָמעלע

אַז איך האָב געבעטן מיין נעכאָמעלען מיר אַ מאַיסע
צו דערציילן,
האָט זי געפרעגט: — אַ ווייסע?
צי פון טונקעלע היילן,
וואו דער נישט גוטער
פּיפּערנאָטער
האָט אַ טעווע קינדער צו פאַרנארן?
און אַז איך האָב גענומען אירע בלאָנדע הערעלעך פאַרשאַרן
און געבעטן, אַז די מאַיסע
זאָל לעמאַנאַשעם זיין אַ ווייסע,
האָבן אירע אייגעלעך,
ווי פייגעלעך
בלויע
זיך געטאָן אַ ראַיע
אינעם ליכט פונעם פרימאָרגן.
ווי אין אים וואָלט געווען פאַרבאָרגן
די מאַיסע,
די ווייסע.

דורך די שויבן
האָבן געפליגלט צוויי טויבן
אזעלכע ווייסע,
— אַט האָסטו דיר די מאַיסע! —
האָט זי געזאָגט, ווייזנדיק אַף דעם טויבנפּאָר.
איך האָב געגלעט אירע האָר
און, ווי א כאָלעם האָט דעמאָלט אויסגעקוקט די וואָר.
אזוי כאָלעמדיק האָט דעמאָלט דער צוויט
געבליט
אַף די ביימער.
די זון האָט ווי א וואכנדיקער שוימער
זיך אויפגעהויבן
איבער די פליענדיקע טויבן
די ווייסע.
— א דאנק דיר פאר דער מאַיסע, —
האָב איך זיך צעמורמלט אין דער שטיל,
און נעכאָמעלע האָט זיך צעשטיפט, ווי א שטראל אפן דיל.

# קינדער גלויביקע

נעמט אין דרויסן ווערן לינדער,
הויבן אָן אין גאַס די קינדער
בויען שטיבעלעך פון שניי.
קינדער גלויביקע, וואָס ווייסן זיי?
קינדער גלויביקע געטרויען,
בויען זיי און בויען!

פענעמלעך און אויגעלעך צעפלאַמטע,
קעפּעלעך צעפּלאָסן, נישט פאַרקאַמטע,
בויען שטיבעלעך אַף אַ מינוט?
איז דאָך די מינוט אויך גוט.
קינדער גלויביקע געטרויען,
בויען זיי און בויען!

וואַקסן שוועלן, ווענט און דעכער,
ליאַרעמען די קינדער העכער,
איבער זיי אַ שמעלציקע די זון?
קינדער ווייסן נישט דערפון!

קינדער גלויביקע געטרויען,
בויען זיי און בויען!

מאַמעס גליקלעכע אַף שוועלן,
קוקן פון דער ווייט און קוועלן, —
שניי איז ווייך און פון דער זון צעגייט?
וואָס איז דען דער אונטערשייד!
קינדער גלויביקע געטרויען,
בויען זיי און בויען!

שטראַלנדיקע זיינען בויער,
ווייסן נישט דעם טאַם פון טרויער, —
אוי ווי וואויל, אוי ווי גוט!
אזא בראָכע, ווען מען טוט, —
קינדער גלויביקע געטרויען,
בויען זיי און בויען!

# וואונדער

מענטשן אױף דער ערד, דער רונדער
ציען זיך צו וואונדער
שעבעװואונדער,
כאָטש יעדערער באַזונדער
איז אַליין אַ וואונדער
שעבעװואונדער.

# ווי וואונדערלעך!

ווי וואונדערלעך! ווי וואונדערלעך!
דער טוי צעגייט זיך אין דער הויך
און פונקט אזוי דער קוימענרויך, —
ווי וואונדערלעך! ווי וואונדערלעך!

דורך עפּעס אזא שטאַרקן קויעך —
זע, זע, עס אָטעמען צוגלייך
דער ריינער, שפּילעוודיקער טייך,
די האָלאָוועשקע אינעם רויך.

ווער איז דער קויעך, ווי קוקט ער אוים?
און וואו איז ער, אָ וואו?
איך לעב און קוק צו אלץ זיך צו,
און קוקנדיק וואקס איך א קויעכדיקער אוים.

א שוימער בין איך. שטענדיק אַף דער וואך,
די גרויסע, גרויסע וועלט־באשאַף
באטראכט איך און איך גאַף, און גאַף, —
ווי וואונדערלעך! ווי וואונדערלעך!

# גוטמאָרגן!

די זון גייט פון וואלד אויף
אלץ רויטער און רויטער,
די ראָסע צעגייט זיך,
ארום אזוי לויטער.

צוויי אָקסן — די הערנער
ארונטערגעבויגן,
אין וואָגן א פויער
פארזשמורעט די אויגן.

דערפילסטו, ווי ווען
גוטמאָרגן צו זאָגן
און ווארפסט אים אריין
צום פויער אין וואָגן.

נו פרעגט ער אזוי זיך
פון פריינטלעכקייט ווענן: —
וואוהין גייט עס איצטער
א יונג אף די וועגן?

און ערגעץ צעציט זיך
א רוף פון א האָרן, —
א פויגל לאָזט ראַש זיך
ארונטער צום קאָרן.

# א שטיבל

צווישן בערג און צווישן טאָלן אָפּגעזונדערט און אַליין,
שטייט א שטיבל האלב פון האָלץ און האלב פון שטיין.
זעלטן פאָרט פארביי א וואָגן, זעלטענער נאָך בלייבט ער שטיין,
וואוינט אין שטיבל זיך א פּאָרל אָפּגעזונדערט און אַליין.
ער אין טאָל מיט אקעראייזן, זי אין שטיבל גרייט צו אלץ, —
קומט דער אָוונט — גאָט צו דאנקען פארן ברויט און זאלץ.
ברויט און זאלץ און פרישע וואסער, — וואָס זשע דאַרף מען נאָך?
רוט די שאבעס־רו אין שטיבל יעדן אָוונט פון דער וואָך.
מאַכט זיך, עמעצער פאַרבלאָנדזשעט אַזש פון ברייטן וועג אראָפּ,
שניידט מען פונעם ברויט א שטיקל אויך פאר אים דאָך אָפּ.
אָפט מאָל איז מען אויך מעכאבעד מיט א טעלער באָרשט,
און דער מענטש באַרואיקט דאָרט זיין הונגער און זיין דאָרשט.
— עפשער אויסרוען די ביינער? — פרעגט בא אים די פרוי,
און זי בעט אים אפן דיל אוים מיט א בינטל שטרוי.
רוט דער אוירעך אוים די ביינער ביז ער רוט זיך אוים,
און דערנאָכדעם פירט דער מאן אים ביזן וועג ארוים.
— גוטן טאָג, א דאַנק אייך... — פאָרט געזונט, נישטאָ פארוואָס...
מישן ווערטער זיך אין לופטן מיטן פרישן ווינטל־בלאָז,
ציט דער וועג זיך ברייט און זיכער צו דעם האָריזאָנט אוועק
און א מענטש איז ברייט צעשמייכלט, בענטשט דאָס שטיבל אפן וועג.

# אַ קו

ייצכאָק מוישע יאָסלס
האָט אַ קו געקויפט,
בענקט זי צו דעם דערפל,
נעמט זי און אנטלויפט.

מאכט רעב ייצכאָק קוילעס,
ווערט אַ ווילד געלויף,
איז דאָס שטעטל זאמדיק,
הויבט אַ שטויב זיך אויף.

קנוילט ער זיך אין לופטן,
דאכט זיך אז ס׳אַ רויך,
טרובען פייערלעשער
מיטן גאנצן קויעך.

און די יידן שרייען: —
ראטעוועט סע ברענט!
און די ווייבער קוויטשען,
ברעכן מיט די הענט.

שלעפּט שוין ווער אַ קופּערט
פון זיין שטוב אַרויס,
איינער כאַפּט אַ טוירע
פון דער אַלטער קלויז.

און דעם עק פאַרריסן
לויפט די קו און לויפט, —
ייצכאָק מוישע יאָסלם
האָט אַ קו געקויפט?

# מו־הו!

אין דעם צעוואָרעמטן באַטאַג,
ווי גוט עס איז זיין שטילער גלי!
אַנטקעגן מיר א סטאַדע קי,
א בוהיי מיט א גלאָק.

און פּלוצלינג פון אַ האַלדז — מו־הו! —
הער, הער, ווי אַ שווערע וואָג
טוט אין דער לופט זיך א צעקלאַג
דאָס ברומען פון א יונגער קו.

מו־הו!... מו־הו!... ווער ענטפערט אָפּ? —
דער בוהיי מיט צעגליטן בליק
הויבט אויף דעם קאָפּ
און אין דעם גליאיקן באַטאַג, —
די בענקשאפט און דאָס גליק
זיך וויגן אף א וואָג.

# טויבן

טויבן שטייען בא מיין פענצטער,
ווייסע טויבן צוויי, —
עפּענען וועל איך דאָס פענצטער,
עפּענען פאַר זיי.

אין מיין שטילן צימער
וואוינען וועלן זיי, —
וואָרקען וועלן אין מיין צימער
ווייסע טויבן צוויי.

אין די נעכט פון שטילן אומעט
וואָרקען וועלן זיי, —
אין די נעכט פון דינעם אומעט, —
ווייסע טויבן צוויי.

# בענקשאַפֿט

איינגעוויגט ווי א יונגער שיינער צווילינג
שלאָפֿט דער זומער בא דער זייט פֿון פֿרילינג.

ווי א שוימער וואכט דער ווינטער איבער זייער וויגל,
ווייסע פֿלאַטערדיקע פֿייגל פֿאָכען מיט די פֿליגל.

פֿאלן פֿעדערלעך אין לופֿטן פּוכקענקע און ווייסע,
זיידע פּראָסט — א בלענדנדיקער לייענט זיי א מאַיסע.

מאַיסע, מאַיסע, מאַיסעלע — פֿייגל, הינט און בערן,
איך וואָלט אויך דאָס מאַיסעלע וועלן הערן.

פֿרירן אָבער אַלע מיינע פֿינגער,
און אין שטוב איז ליבער, גרינגער.

זומער, פֿרילינג — שיינער צווילינג — איך וואָלט מיט אייך זיך לייגן,
האָט צו אייך דער בייזער ווינטער מיר פֿארשטעלט די וועגן.

# וואָלקנס

וואָלקנס, וואָלקנס — סטאַדעס שאָף,
וועקט אַ קינד זיך פונעם שלאָף,
און אַ דונער — קראַכ-קראַכ-קראַך!
שרעקט ער איבער שעפּעלעך!

אָן אַ פּאַסטוך שאָף אַליין?
שטיקט דאָס קינד זיך פון געוויין —
קינד מיינס, קינד מיינס, רואיק שלאָף, —
וואָלקנס זיינען נישט קיין שאָף!

דרויסן שטורעמט? — רואיק זיי!
יעדער שטורעם גייט פאַרביי!
אוים דער זומער? הארבסט שוין באלד?
און אַ גרעזל וויינט אין וואַלד?

גרעזל, גרעזל, פּע, נישט שיין!
אויך דאָס גרעזל נישט אַליין:
גרין איז זומער, הארבסט איז גאָלד
און די וועלט איז שיין באַמאָלט!

לעב דיין לעבן — כייע־שאַ,
ווייל דערנאָכדעם וואָס איז דאָ?
האָסט א רעגע, נעם זי צו,
און דערנאָכדעם — מיילע־נו!

וואָלקנס, וואָלקנס גרוי און שווער,
ווינטער רייט איצט אָן אהער,
זיינע בליקן קאַלט ווי אייז,
און זיין בערדל שנייאיק ווייס.

ווייס איז העל און העל איז בלענד,
זע, ווי שיין די ווייסע וועלט;
האָלץ אין אויוון איז צעברענט,
טרייבט פון שטוב ארויס די קעלט!

# פרילינג

פרילינג האָט זיך היינט צעבלענדט
אַף מיין קאָפּ און פּאָנעם, —
אוי, איך וואָלט שוין נישט געקענט
מערער לעבן אָן אים!

דאכט זיך, אז א פראָסטער טאָג,
אין אַ מיטן מאָנטיק,
און דער וואָכעדיקער טאָג
גאָרנישט, גאָרנישט קאָנטיק.

בוים און גרעזל אויפגעוואכט,
פרילינג גלעט די צווייגן,
אלע שטיבער אויפגעמאכט,
ווי די טירעלעך פון שטייגן.

קינדערלעך אַף אלע שוועלן,
אַנדערע אַף טרעפּלעך, —
אינעם פרילינג-טאָג דעם העלן
שפּילט מען זיך אין קנעפּלעך.

עס האָט מיין הינטל זיך צעבילט,
ווי געשטאָכן פון א שפּילקע,
און אַ ייִנגל לויפט אָן ווילד,
ווארפנדיק א פּילקע.

פרילינג האָט זיך פריי צעהעלט
אין א מיטן מאָנטיק,
איז די גאנצע, ברייטע וועלט
איצט דאָך מיין מאיאָנטיק.

# זומער

זומער, זומער, נישט גענוען איז גאָר אַזוינער, —
שפּאַנט אַרום מיט שווערע טריט אַזאַ גאָלדיק ברוינער!

שלאָבעריק זיין יעדער גליד, מידע זיינע בליקן,
הענגט אַ שווערקייט אַף דער שטאָט, מאַמעש צו דערשטיקן!

גוט איז נאָך, וואָס אין דער שטאָט זיינען גאָרטנס פול מיט שאָטן,
און דער בריענדיקער היץ איז אַהין פאַרבאָטן.

שפּילן קינדער זיך אום דאָרטן אונטער שאָטנדיקע ביימער,
וואַכט דאָרט יעדער בוים אַף זיי, ווי אַ גוטער שוימער.

זשוזשו־זשוזשו, — קינדערלעך, קריכט נישט אין די היצן!
זשוזשו־זשוזשו, — אוי ווי גוט איז אינעם שאָטן זיצן!

פאָלגן קינדער דעם זשוזשו, רוען אין די גראָזן,
און אַ ווינט ווייך און מילד הערט נישט אויף צו בלאָזן.

נאָר די טאַטעס קאָנען נישט זיך אַזוינס פאַרגינען,
מוזן פאַר די קינדערלעך דאָך אַף ברויט פאַרדינען.

פּויזען זיי אין שטאָט אַרום, זיצן אין פאַבריקן,
איז אין אָוונט אין דער היים מיד באַ זיי די בליקן.

# סאָף ווינטער

זע, דער פראָסט איז מיד געוואָרן
אָפּ די גאַסן אומצושפּאַנען,
איז ער זיך אוועקגעפאָרן
אָן א זייגעזונט פון דאַנען.

האָט די זון דורך אלע שויבן
אויפגעשיינט שוין א צעשטראַלטע, —
עס איז די זעלבע זון פון אויבן,
נאָר נישט אזא קאַלטע.

אויך דער שניי אָפּ טראָטוארן
איז שוין נישט קיין ווייסער מערער, —
מיט די לאָפּעטעס צעשאַרן
אים די גאַסנקערער.

דינע ריטשקעלעך דורך רערן
פליסן, פליסן און זיך שפּאַרן,
ווי די נאָכגעלאָזטע נאָז־קאַטאַרן
רייסן זיי זיך און נישט ווערן.

קינדערלעך מיט בלויזע קעפּלעך,
כאַטש סע נאָך נישט וואַרעם
שפּילן זיך אין גאַס מיט קנעפּלעך,
מאַכנדיק אַ ליאַרעם.

דאָ און דאָרטן פון אַ דעכל
גלעזלט נאָך פון אייז אַ צעפּל,
טוט די זון צו דעם אַ שמייכל
פאַלט אַ טראָפּן אױף אַ טרעפּל!

# האַרבסט

אומבאמערקט איז אָנגעקומען
הארבסט אין אונדזער גאָרטן,
אָפּגעריסן און פארנומען
אלץ, וואָס איז געוואַקסן דאָרטן.

ערשט נישט לאנג — די צווייגן
רוישיקע, באלעבטע,
איצט אין טיפן שווייגן, —
פייגעלעך געקעפּטע.

ליגן נאקעט אלע ביימן,
און די ביימער הוילע,
פון די אלע שיינע קוויטן
דאָ און דאָרט א פוילע.

האַרבסט, אָ האַרבסט, דו ביסט אַ שלעכטער,
גאָרנישט נישט געלאָזן!
קייקלט ער זיך פון געלעכטער
איבער געלע גראָזן.

נאָר איך וועל אים אַלץ פֿאַרגעבן,
ווייל ער איז אַ בראַווער,
מערצישעם איבעראַיאַר מ׳עט לעבן
ווער איך מיט אים כאַווער.

שפּאַנט אַריבער פּלויט אָן מוירע,
שאָקלט אָפּ די ביימער, —
אָט אַזאַ מין שטיקל סכוירע,
שרעקט זיך גאָרנישט פֿאַרן שוימער.

# קעניג־ווינטער

זיבן ווייסע גרויסע הענער
האלטן אין די שנאָבלען פלאַטערדיקע פענער,
און דער קעניג־ווינטער זיי אינמיטן
זיצט זיך אין א שליטן
און ער נורעט זיך אין ווייסן פוטער.
— קעניג־ווינטער, זיי א גוטער
היים די הענער,
אז די פענער
זאָלן זיך צעווייען,
וועט עס מיינען: שנייען!
שנייעלעך אזעלכע ווייסע,
יעדעס שנייעלע — א מאַיסע,
ווי מאַיסעדיק עס איז דער קעניג־ווינטער.
א מאיסע מיט אביסל טינט פון טינטער,
וואָס רייסט זיך אף פאפיר,
און עס ווילט זיך איר,
דאווקע זיין נאָר אונטערטעניק
צו א קעניג.
נאָר ווי זשע קומען פלאַטערדיקע פענער

אין די שנאָבלען פון די הענער,
אז זיי קאָנען פליגל בלויז צעווייען
בא דעם קרייען
קוקורעקו?
נו מיילע, נו!
גיי פרעג א קאשע אף א מאַיסע,
אז עס ווילט זיך שנייעלעך דיר ווייסע!

האקלאל, דער קעניג גיט שוין דעם באפעל —
און בליציק שנעל
נעמען ווייסע פעדערלעך זיך שיטן
און דער ווינט א טענצל כאפט אינמיטן.

זעט איר, דער גרויסער טיטול: קעניג-ווינטער
איז א קאָשערער, פארדינטער.
אלע פרעסט און ווינטן זיינען אונטערטעניק
צו דעם מעכטיק-שטאַרקן ווינטער-קעניג.
בלויז אף זיינעם א באפעל,
קומען אלע בליציק שנעל.
— פרעסטל, ברי! פרעסטל ברען!
ווייזט עס גלייך דאך וואָס ער קען.
מיט א ווינטיק ווײ און בלאָז
שטעכט עס, שניידט עס שארף, ווי גלאָז.
און דאָס ווייסע, שטילע שנייען
הויבט זיך בליציק אָן צו דרייען,
ווי א ווילדער קאראהאָד
אף דעם קעניגס שטום געבאָט.

# שניי־טאַנץ

ווינטן צעבלאָזן זיך: קאַעסן זיך,
גאסן און געסעלעך ווייסן זיך.
שנייעלעך שיטן זיך, שיטן זיך.
קינדערלעך דרייען אינמיטן זיך.
שנייעלעך, דימענטלעך, גלעזעלעך
קינדערלעך לייכטן, ווי די בלעזעלעך
ווישן זיך פריילעך די נעזעלעך.
גליטשן זיך, וואַרפן זיך קיילעכלעך,
שרייען און ליאַרעמען מיילעכלעך.
מיידעלעך, יינגעלעך, —
קאַלעכלעך - קלינגערלעך.
פיף-פוף-פאַף. טאַנצנדיק
זוניק, לעוואַנעדיק, בלענדנדיק, גלאַנצנדיק.
פונקט, ווי די שנייעלעך, יאָגנדיק, פאַלנדיק, —
הויפנס מיט דימענטלעך בלענדנדיק, שטראַלנדיק.
הויפנס אַף הויפנס בריליאַנטעלעך
פאַלן אַף היטעלעך, מאַנטעלעך
קינדערלעך, שנייעלעך
יאָגן זיך, פרייען זיך.

טראַ־לאַ־לאַ! שנייעלעך, —
פלאַטערלעך ערשט פון די אייעלעך,
יאָגן זיי, וויגן זיי, ווייען זיי, —
פאַלנדיק גייען, פאַרגייען זיי,
און נישטאָ
מער דאָ!

# אַ שנײ־מענטש

באַנאַכט האָט געשטורעמט דער ווינט מיט רוישיקן צאָרן,
און איצט אַזוי ליכטיק און שטיל, די וועלט אַזאַ ווײַסע געוואָרן.

ערשט נעכטן — די ביימער, ווי הוילע און נאַקעטע שטעקנס,
און איצט אינעם שניי, ווי קאַלעס פֿאַרפּוצט צום באַדעקנס.

ערשט נעכטן — דער קלויסטער, די שול, די אייביקע סאָנים,
און הײַנט אינעם שניי זיך אויסגעפּוצט, ווי מעכוטאָנים.

און איך האָב פֿון שניי אַ מענטש זיך באַשאָפֿן, —
די הענט אין דער ברייט, אַ מויל און אַ נאָז אַזש צום גאַפֿן.

אָט שטייט ער, זעט, זעט — אין מויל אַ ציגאַר פֿון אַ ריטל,
אַ נאַקעטער אין אַזאַ פֿראָסט, זײַן קאָפּ אָן אַ היטל.

איז עפּשער אַרײַנגיין צום טאַטן, און בעטן
וואַרעמען מאַלבוש, אַ פּאָר שטיוולעטן?

ווי קאָן מען אַ ייִדישן מענטשן אָן אַ היטל דאָ לאָזן?
צעבייזערן קאָן זיך נאָך גאָט און זיך מיט אַ שטורעם צעלאָזן .

בליז-בלאָז! — און דעם שניי וועט דער ווינט שוין פאַרטרייבן,
דער קלויסטער, די שול וועלן ווידער זיך סאָנים פאַרבלייבן.

און אוים מיטן שניי-מענטש, — פאַרפאַלן, פאַרלוירן,
ווי גאָרנישט געווען, ווי גאָרנישט געבוירן.

בליז-בלאָז! און בו-הו! ווי באַנאַכט מיטן צאָרן, —
א מענטש איז געווען און שוין נישט געוואָרן!

# שניי־קערער

רעב מוישע מיט דער לאנגער ווייסער באָרד
און זשאַן מיט קיי־טאַבעקאַ אין זיין מויל,
מאַרקאָני, קייענדיק אַ שטיקל טאָרט,
וואַסילי, ציִענדיק די גלידער פויל.

זיי אַלע מיט די רידלען אין די הענט,
און בערגלעך שניי צעוואַקסן זיך אין ריי, —
די רידלען האָבן זיי אַט דאָ באַקענט
און ברידערשאַפט געשאַפן צווישן זיי.

די רידלען בייטן זיך אױף שויפלם באַלד
און שפּעטער, בעזעמער פון שטאָל, —
דער קאַלטער טאָג איז קלינגענדיק צעשאַלט
מיט ריטמיש, שטאָלנדיקן קאָל.

עס פאָרן אָן צוויי ברוינע פערד
און בלייבן מיטן וואָגן צוגעשמידט צום אָרט, —
די בערגלעך שניי פון דאָ און דאָרט
ווערן ביסלעכווייז פאַרצערט.

— דו, מאָזעס, ביסט אַ בראַווער מאַן, —
צעשמייכלט זיך מאַרקאָני אין דער ברייט.
וואַסילי שמייכלט אויך און זשאַן
איז מיט זיין קיי־טאַבעקאַ זיך צו טוילן גרייט.

און אַז די זון פאַרגייט שוין איבער זיי,
צעזעגנט מען זיך אַלע מיט אַ גוטע נאַכט.
געלויבט איז גאָט — עס האָבן מענטשן ביי דעם שניי
אַ טאָג אין ברידערשאַפט פאַרבראַכט.

# אַ מאַיסע

אמאָל און אמאָל איז אַ מאַיסע געווען,
די מאַיסע איז עמעסדיק און שיין,
און אַקוראַט, ווי אַזוי דאָס איז געשען
איז אויסגעקריצט אַף אַ שטיין
מיט אויסיעס אַזעלכע קלאָרע, —
עס איז אַ מאַיסע, אַ וואָרע.

לייען איבער,
מיין ליבער,
און דערציייל זי איבער
און איבער
אַף אַלע געמאַרקן,
און זאָל זי שטאַרקן
די הערצער פון מענטשן,
קעדיי זיי זאָלן בענטשן
צווישן זיך אַ מעזומען
און זאָג דו מיט זיי אָמיין,
ועאָמיין.

און אַט איז זי די מאַיסע,
וואָס איז שענער נאָך פונעם ציגעלע דעם ווייסן:
אַ שאָף האָט אפן פעלד אַ וואָלף דערזען
און איז געבליבן רואיק שטיין.
עס איז דעמאָלט אָוונט געווען,
דער הימל בלוי און ריין,
און די לעוואָנע, אַז זי האָט דאָס דערזען
איז זי געוואָרן אזוי העל דערפון
מאמעש, ווי די זון.

די שאָף האָט צום וואָלף געזאָגט: — גענען!
מיין לעבן איז סיי ווי פאר ציין.
אָבער דער וואָלף האָט געענטפערט: — ניין,
און געפרעגט, צי מען האָט זיין ווייבל געזען.

דעמאָלט האָט דער הימל אַ שמייכל געטאָן,
און אַ שטערנדל האָט זיך קינדיש צעקווועלט.
אַ ליכטיקע פרידנס־פאָן
פון גאָר אַ נייער וועלט
האָט זיך צעפלאטערט און צעקווועלט
צו יעדער ראַסע, פאָלק און קאָליר,
און אויך פאר דיר
און פאר מיר.

אַט אזוי איז דאָס געווען.
אַט אזוי איז דאָס געשען.
די שאָף האָט געזאָגט: — גענען,

ווייל מיין לעבן איז סיי ווי פאר צייַן,
און דער וואָלף האָט געענטפערט: — ניין!
ער האָט געוואַרט ביז זיין ווייבל איז געקומען צו גיין
און אים א טעפּעלע קאַשע געבראכט.
זע, זע, סאַראַ שיינע עס איז איצט די נאכט,
דער הימל אַזוי לויטער און ריין.
און כאָטש עס איז שוין צייט שלאָפן צו גיין,
שטיי איך און קוק דורך דער שויב.
די לעוואָנע — א זילבערנע טויב
שווימט רואיק אַזוי און פאַרטראַכט;
— מענטש אויף דער ערד, האָב מיר א גוטע נאכט!

# עס זיינען הונגעריק די ציגן

איך האָב אַזוי נישט ליב
אין וויגשטול זיך צו וויגן.
און אויפֿן רוקן צו ליגן
האָב איך אויך נישט ליב, —
עס זיינען הונגעריק די ציגן!

פֿרעמד איז מיר דער ניגון,
וואָס ציט זיך גרוי און טריב.
פֿאַרגיב זשע מיר, פֿאַרגיב, —
נישטאָ קיין צייט זיך צו קריגן, —
עס זיינען הונגעריק די ציגן!

הער, הער, ווי אין מיל די זיפּ, —
זי האַלט זיך אין איין וויגן!
זע, זע, — בוראַקעס און ריב
מוזן ערגעצוואו דאָך ליגן, —
עס זיינען הונגעריק די ציגן!

# צוויי ברידער

וואוינען ערגעץ אין א הויז צוויי ברידער,
איינער אין דער הויף, צווייטער אין דער נידער,
שפילן זיי זיך קיינמאָל נישט אין קידער־ווידער!

גייט גאַנץ פרי די זון אויף רויט, ווי צונטער,
שיינט זי אין דער הויף, און אויך ארונטער,
זינגט דער ערשטער, העלפט דער צווייטער אונטער.

נעמט די זון די ברייטע וועלט פארלאָזן
און עס גליען אַלע שויבן אויף מיט גאָלד און ראָזן,
פילן ביידע — אָוונט־קילקייט האָט זיך צעבלאָזן.

זיצן זיי זיך, דער פון אויבן, יענער אינעם קעלער,
ווארפן שטיקלעך האָלץ אין אויוון, ברענט עס העלער,
עסן וועטשערע באַזונדער, יעדער פון זיין טעלער.

זיצן זיי זיך, ווי אין טויבנשלאק די טויבן,
יעדערער באַ זיך אין הויז און מיט אַ טיפן גלויבן,
הערן זיי נישט אויף יעדערער פאר זיך זיין גאָט צו לויבן.

גייען ווערטער אויף געלייטערטע, ווי גלאָקנקלאַנגען,
מישן זיך צוזאַמען אין געזאַנגען,
וויגן זיך, ווי אַף אַ זומערפעלד די זאַנגען.

טפּילעס פון דער הויך און טפּילעס פון דער נידער,
כאָטש זיי קומען נישט פון זעלבן סידער
זיינען זיי דאָך טפּילעס פון צוויי ברידער.

# מאָנומענט

אינמיטן שטאָט, אָף ברייטן סקווער
א בראָנזנדיקער מאָנומענט.
אַ שטאָלצער, א באַיאָרטער הער
האלט אויסגעשטרעקט די הענט.

די גאָב פון גרויסן מענטשלעך גליק
אָף זיינע הענט איז העל צעבלענדט,
די אויגן אָפענע, — זיין בליק
צו אלע ווייטקייטן געווענדט.

נאָר וועלט איז בלינד און טויב,
זי קוקט און הערט זיך גאָרנישט צו.
בלויז ווען נישט ווען א ווייסע טויב
קרייזט איבער מאָנומענט אין רו.

די ווייסע טויב דערזעט, דערהערט
און וואָרקעט שטיל, צעגליט,
נאָר טויבנוואָרקע ווערט פארצערט
פון דעם צעזשאָזעדיקטן ליד.

באטאָג, פאַרנאַכט פון דאָ און דאָרט
איילט וועלט פאַרביי דעם מאָנומענט
און הערט דאָך נישט דאָס וואָרט,
וואָס איז צו איר געווענדט.

נאָך גוט, וואָס בראָנזנדיקער הער
ווערט פון דעם וואַרטעניש נישט קראַנק, —
ער שטייט אַזוי אין מיטן סקווער
געדולדיק אַזוי יאָרן לאַנג.

דער זומער־רעגן אַף זיין קאָפּ און הענט
און ווינטער איבער זיי דער שניי,
נאָר וואָרט צעגליט זיך און צעבלענדט
אַלץ העלער, העלער איבער זיי.

די שאָ וועט קומען און מען וועט
אַ טיפֿן טרייסלדיקן ציטער טאָן
און דעמאָלט וועט דער בראָנז אויך זיין צערעדט
און איבער אים וועט פלאַטערן אַ פאָן.

# זינג, זינג צום גרויסן נעס!

דער האמער בליצט און שווינגט,
דאָס אייזן רויט צעגליט.
מיט העל-צעהעלטע טריט
קומט אָן די פרייד און זינגט
א ניי און מוטיק ליד.

א ליכטיקייט אַף אַלץ, אַף אַלץ
און אלעמען זיך שפרייט.
די זון גייט אויף, פארגייט
און ברויט און וויין און זאַלץ
פאר אלעמען פארגרייט.

דער האמער שווינגט און בליצט
אראָפּ, ארויף אין האנט פון שמיד.
דאָס אייזן רויט צעגליט
מיט פייער-פונקען שפריצט
צום טאַקט פון נייעם ליד.

דער ריטער האָט זיין שווערד
און אויסגעמאָלטן הערב
פארביטן אף א סערפּ,
און פרוכטן פון דער ערד
אין אלע, אלע קערב.

דער שפּיגלדיקער סערפּ
קלינג-קלאנג! קלינג-קלאנג!
מיט הילכיקן געזאנג
ארום די פולע קערב, —
קלינג-קלאנג! קלינג-קלאנג!

ביסט הונגעריק. קום עס,
דו האָסט דאָך דאָס פארזיימט!
גיי אויף, אָ העלע פרייד,
און זינג צום גרויסן נעס,
וואָס איבער אונדז זיך שפּריים.

# זינג, מיין האַרץ!

זינג, זינג מיין האַרץ
אַזוי, אַזוי, אַזוי:
דאָס שוואַרץ
וועט ווערן בלוי,
וואָס שווער
וועט ווערן גרינג.
זע, זע, ווי לער
עס איז דער מיט פון רינג!
קום, קום און פיל אים אָן
מיט דיין געזאַנג,
מיט פלאַטערדיקער פאָן,
מיט גאַנג!

זינג, זינג מיין האַרץ
אַזוי, אַזוי, אַזוי!
דאָס שוואַרץ
וועט ווערן בלוי,
וועט ווערן העל.
די מיל

וועט מאָלן מעל,
און שטיל
וועט וואסערפאל
זיך ציען פונעם בארג.
זע, זע א שטראַל!
נישט קארג
איז ער מיט גלי.
וואָס איז נישט הי
קומט אָן! קומט אָן!
און איז צעגלימ.
א פלאטער פון א פאָן,
א ליד, —
זע, זע, ווי העל
עס ווערט די שוועל,
די טיר
פאר דיר
און מיר!

# די ברידער מײַנע

די ברידער מײַנע האָבן שאָף צו שערן,
איך האָב בלויז א שער.
נו מוז איך דאָך א שערער ווערן, —
שער זשע, שערל, שער!

די ברידער מײַנע האָבן וואָל אף קליידער,
איך א וועב-מאשין פארמאָג,
נו מוז איך דאָך פאר זיי קעסיידער
וועבן טאָג נאָך טאָג.

איז וועב זשע, וועב זשע זיך פאַנאַנדער,
זע, ווי שיין איז מײַן געוועב!
די טעג, — איינער, ווי דער אַנדער,
און איך וועב און לעב.

די ברידער מײַנע האָבן פיינע שטאָפן,
א נאָדל בלויז האָב איך,

דער טאָג איז שוין קימאַט אַנטלאָפֿן,
נו ניי זשע, נאָדל, גיך.

העי, וועב־מאַשינקע, שער און נאָדל,
די ברידער מיינע האָבן אַלץ,
נאָר איך בין זיך אַן אָדעם־גאָדל
מיט מיין ברויט און זאַלץ.

# צום גלאָקן־ציער

אינמיטן טאָג, אינמיטן שטאָטישן גערויש
האָסטו דעם גרויסן גלאָק צעקלונגען.
אינמיטן טאָג, אינמיטן שטאָטישן גערויש
האָט אין די הערצער טיף אריינגעדרונגען
דער קלאַנג, וואָס האָט זיך אין דער לופט צעקלונגען.

קלינג־קלאַנג! — א העל, צעהעלטע בסורע
איז פּלוצלינג אין דער לופטן אויפגעגאנגען.
קלינג־קלאַנג! — א זינגעדיקע שורע
אין אַ נעץ פון שווערע אייזנשטאַנגען,
און די זון איז הערלעך אויפגעגאנגען.

די הויכע שטיינער־הייזער זיינען אין דער הויך
נאָך אויסגעוואקסן העכער, העכער,
און מענטשן איינגעטונקענע אין ליים, אין רויך
א שאָט געטאָן זיך האָבן פון די קעלער־לעכער
און אָנגעפילט די גאסן, פענצטער און די דעכער.

טראַמווייען, אויטאָס האָבן זיך געשטעלט
און נישט געקאָנט פאר זיך א וועג דורכשלאָגן.

פארוואנדלט האָט די שטאָט זיך אין א פעלד,
וואו פערד־טאַבונען האָבן זיך צעטראָגן,
און איינער דעם אנדערן באמיט זיך איבעריאָגן.

א סטיכישער געברויז פון אויפגעהזאַכטער פרייד
האָט שטארק און שטארקער אָנגעהויבן ברומען, —
א פלאטערדיקע פאָן האָט זיך העל צעוויים,
און אלע, אלע האָבן גיך באנומען
וואָס איז ענדלעך אָנגעקומען.

און דעמאָלט האָט די זון מיט גרוים גענאָד
צעשיינט זיך איבער אלע טירן, שויבן, —
אזא ליכטיק ניי און העל צעשיינט געבאָט
האָט זיך איבער אלץ ארויפגעהויבן,
און איבער דעם א סטייע ווייסע, פלאַטערדיקע טויבן.

אינמיטן טאָג, אינמיטן שטאָטישן גערויש
האָסטו דעם גרויסן גלאָק צעקלונגען.
אינמיטן טאָג, אינמיטן שטאָטישן גערויש
האָט אלץ ארום זיך ברייט און טיף צעזונגען
צום קלאנג, וואָס האָט זיך אין דער לופט צעקלונגען.

און אַף א טורעם בא א קייט
האָסטו דעם גרויסן גלאָק געצויגן
און אזא העלע, זינגענדיקע פרייד
געשיינט, געבלענדט האָט אין דיינע אויגן,
און א נעץ פון ליכטיקייט האָסטו פארצויגן.

# אַמעריקע

טורעם
טראַגט אַ טורעם
אױפֿן רוקן.
אָנצוקוקן
איז אַ װאונדער.
יעדערער באַזונדער
הױך און העכער
איז אַ בעכער
אױסגעדרײט צום הימל מיטן דנאָ.
אָװנט־שאָ
צינדן זײ זיך אָן מיט ליכט־קאָלירן,
און נעמען מיט די שטערן קאָנקורירן.
זײ דערמאָנען:
װאַשינגטאָנען,
דזשעפערסאָנען,
און נאָך װעמען?
לינקאָלן און רוזװעלט — אױך נישט צו פֿאַרשעמען.
און זײַנען דען יעהויאַש, ראָזנפֿעלד און ליעסין נישט אַמעריקע?
שטעל נאָך אין דער רײ: טאָראָ, װיטמאַן, דעבס און טװײן
און נאָך אַזעלכע אָנגעהעריקע
און דו װעסט זען, װי װאונדער־שײן
עס איז דאָך אונדזער לאַנד אַמעריקע!

# דאָס לאַנד פֿון סאַרמיענטאָ

מייליקע פעלדער — צעגרינטע, צעבלענדטע, צעגליטע.
שטרעקעס נאָך שטרעקעס, ווי פעטלעכע קיעשע איימערס,
און איבער זיי אלע — די זון א צעבריטע
צעשיינט איז אַף זשוואָוויקע רייטערס,
וואָס וואַרפן מיט לאַסאָס אַף קיעשע הערנער.
א שעפע פון ליאַן און אלפאלפאַ איבער שעטער נאָך שעטער.
נעם וואַרף דאָ פונאַנדער א הויפן מיט קערנער
און באַלד שוין שאַלאַטע און דיניע און רעטער
און ווייץ און אויך קאָרן.
די וועגן — לענטעס צעבלענדטע, צעוויקלטע,
די לופט איז צעטריליערט מיט פייגלשע כאָרן
און בעהיימישע קוילעס צעציקלטע.
אזוי פיל האָריקע עקן זיך וויגן
מיט שוואַרץ און מיט ווייס, מיט ברוין און מיט געלבלעך
פון שאָף און פון ציגן,
פון פערד און פון קי און פון קעלבלעך
מיט מאָרדעס אַף זאַפטיקע גראָזן.
אָט בליצט דורך די אויגן
א סטייע מיט האָזן,
און אומעטום סטויגן

צעגילדטע, צעבלענדטע,
ווי דאָס הארץ פון דאָמינגאָ פאוסטינאָ סארמיענטאָ.

הערט, הערט, ווי עס זינגט איצט א ליד
דערהויבן, צעגליט
אינעם לאנד דאָ פון דאָרעם
א דיכטער פון צאָפן.
קומט, קומט לאָמיר אָרעם אין אָרעם
א זינג טאָן איצט פריידיק און אָפן
דאָס ליד פון די פעלדער צעהעלטע, צעבלענדטע
אין לאנד פון דאָמינגאָ פאוסטינאָ סארמיענטאָ!

שפיל, שפיל מאנדאָלינע
באַגלייט פון גיטאַרע.
דאָס לאנד אַרגענטינע
די ווערט האָט א וואָרע, —
דאָס לאנד דאָס צעהעלטע, צעבלענדטע
פון דאָמינגאָ פאוסטינאָ סארמיענטאָ!

ווי לינקאָלן, דזשעפערסאָן אין לאנד מיינעם שיינעם פון צאָפן,
אזוי אויך דאָמינגאָ פאוסטינאָ סארמיענטאָ פון דאָרעם.
ווי שיין און ווי הערלעך, ווי פריי און ווי אָפן
זיי שפאנען אָרעם אין אָרעם
צעזוניקט, צעליכטיקט, צעבלענדט
אַף אונדזער קאָנטינענט.

דאָס לאנד פון דאָמינגאָ פאוסטינאָ סארמיענטאָ, —
איך זע עס, איך הער עס, איך פיל עס!
זינג, זינג, אַרגענטינע צעבלענדטע,

זינג אוים דיינע טפּילעם
אַף רוקנס פון ווינטן צעווייטע
איבער פעלדער פאַרזייטע,
העל קוטשעראַווע.
זינג, זינג פון דיינע גאַוטשאָס, די זשוואַווע,
אין שאָפּענע לייבלעך קאָליריק-געשפּינטע.
זינג, זינג פון דיינע לאָנקעס צעגרינטע,
וואָס נערן דעם מענטשן, דעם פערד און די שאָף און די קו
און דעם היישעריק אויך דאָך אַפילע.
אַזא ליכטיקע רו
גייט אויף פון דער טפּילע
צו דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ!
אַ טפּילע צעבלענדטע
צו אַ לויטערן מענטשן,
וואָס ליכטיק און פול איז.
די קינדער זיך בענטשן
מיט אים אין די שולעס.
די קינדער אין פאַרטיכלעך ווייסע
זינגען אַ ליד און דערציילן אַ מאַיסע
אַף לעשוינעס פאַרשידן
פון שפּאַניער, איטאַליענער און יידן.
עס זינגען די קינדער צעשאַלטע
אין שטעט און אין דערפער צעפּראַלטע,
אַזוי אויך די מאַמעס, די טאַטעס.
אומעטום בא די ברעגן לאַ-פּלאַטאַס
דאָס ליד, דאָס צעבלענדטע
צו דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ!

# מיר אַמעריקאַנער

אין דיינע שטעט יאַרידישע
מיר קינדער יידישע,
יונג-יעריקע.
אין דיינע גאַסן וואַכיקע
מיר קינדער לאַכיקע
און טרעריקע.
אין דיינע לידער גאַסיקע,
דאָס ליד אויך אונדזער ראַסיקע
צו אַמעריקע.

אויך אינעם היגן רוים
וויגט אום זיך אונדזער טרוים, —
אַ שיינענדיקער שטערן.
עס וועט דאָס גאַסיקע געשריי
מיט קוילעס אַלערליי
אים נישט פאַרצערן.
דורך שאַפגערויש און קוימענרויך
וועט אונדזער ליד מיט נייעם קויעך
זיך דאָ דערהערן.

דער שטיין און דער גראַניט
וועט אונדזער יידיש ליד
מיט נייעם קלאַנג באַשערן.
פון קלאַנג און גלאַנג און קלאַנג
אַ שטאַרק און ברייט געזאַנג
וועט זיך דערהערן
און פאַר אַ יעדער שויב
וועט זיך עס טאָן אַ הויב
און זיך דערהערן.

און איר פאַרוואָרפענע אהער,
וואָס קומען מער און מער
דורך אַלע יאַמען.
אויף יעדן בארג און טאָל
לאָזט הערן אייער קאָל,
איר זיין פון אַלע שטאַמען.
אויף שטיין און אויף גראַניט
פון יעדן שטאַם — זיין ליד
און אַלע דאָך צוזאַמען.

יעדער מיט זיין קאָל, זיין טאָן,
די פידל, דער טראַמבאַן,
אַלע אין אָרקעסטער.
אַ קליינע איז די פלייט,
אַ גרויסער דער טרומפייט,
צוזאַמען קלענסטער, גרעסטער.
די שווערע פויק: — בום־בום!

דער דיקער באַס: — זים-זום!
יעדער איז דער בעסטער!

אַ זוניקע איז טאַרגאַרעט,
אַ פלאַמיקע — זשאַנעט,
און כּיינעוודיק איז עסטער.
אַ בויגזאַמער זיז זשאַן,
אַ ברייטער איז סטעפאַן
און ווער איז דאָ דער גרעסטער?
איעדערער פאַר זיך, מיט זיך, —
אין שטיוול, צי אין שיך, —
אַלע מענטשן ברידער, שוועסטער.

שיינע זיינען אַלע, אַלע פענער,
נאָר פון זיי נאָך שענער
ביסטו און זי און איך.
דו אַזוינער און אַזוינער,
ווייסער, שוואַרצער, ברוינער
אין שטיוול, צי אין שיך
אין עקסטאַזיקן טאַנץ
יעדער מיט זיין גלאַנץ
און צווישן זיי אויך איך.

די שווערע פויק: — בום-בום!
דער דיקער באַס: — זום-זום!
אַרויף און אין דער נידער.
שטרעק אויס דיין האַנט מיר, זשאַן

און דו אויך יאנקל און סטעפאן, —
עס איז א טאַנץ פון ברידער.
אין טאַנצנדיקן קאַראַהאָד
פאַרייניקט מענטש און גאָט
זיך ווידער, ווידער.

מיר קומען, קומען דורכן זעלבן טויער,
פאַרשידן בלויז איז אונדזער טרויער
און די פרייד.
די זעלבע שפּייז, פאַרשידן בלויז די קעכער
דער זעלבער ווייַן, פאַרשידן בלויז די בעכער,
דער זעלבער גאָט האָט זיי פאַרגרייט
און יעדערער פאַר זיך באַזונדער
ברענגט מיט אהער צו אונדז זיין וואונדער
פון טרויער און פון פרייד.

אין דער זעלביקער אכסאניע
ענגלאנד, יידנלאנד און שפּאניע,
באַזונדער בלויז די טיר.
גוטע און געטרייע שכיינים,
זיצט מען אָפט אינייַנעם,
דו בא מיר און איך בא דיר.
צעגויפרוקן די טישן?
מאכעטייסע, אָבער נישט צעמישן
דאָס געשיר.

# פיאָנערן

יידן װעלן װערן,
יידן זײַנען שוין!
שװערע פיאָנערן, —
פרייד איז זייער לוין!

רידלען טאנצן האָפּקעס,
שװיװולען זײַנען גרייט,
און די גרינע סאָפּקעס
קוקן צו מיט פרייד.

פונעם טײַך די בירע
ביזן טײַך בידזשאן
לענגאױס, װי א װירע
שוין א װעג פאראן.

טאיגע רוקט זיך, רוקט זיך
מאכט אַן אָרט, א װעג, —
זע, א בוים פארבוקט זיך
פאר א האק, א זעג.

פייגל ציען איבער
פון א בוים צו בוים, —
זע, עס װאקסן שטיבער,
קוימענרױך צום רוים.

שטיין, ווי נום צעקנאַקטער,
דריבלט זיך, צעפּאַלט.
באַם אַמור — אַ טראַקטאָר
גייט פאָראויס צעשאַלט.

פרייען זיך די אויגן,
פרייט זיך דאָס געמיט.
אַף די פעלדער — סטויגן,
יעדער סטויג — אַ ליד.

וואַקסט אַ שטאָט פּאַנאַנדער, —
שטיין, צעמענט און ליים!
ווער און וואָס מיר וואַנדער,
ייִד איז אין דער היים!

ערשט געווען דאָ גריבער,
ערשט געווען איז וויסט, —
איצט שוין שטאָלן, שטיבער,
רויך פון קוימענס גריסט.

זעט די זון טאָג־טעגלעך
און לעוואַנע דורך די נעכט, —
אַלע דאָ פאַרמעגלעך,
און נישטאָ קיין קנעכט.

ייִדן וועלן ווערן,
ייִדן זיינען שוין!
שווערע פּיאָנערן, —
פרייד איז זייער לוין!

# בעציבער

מען בויט בעציבער
שטאָלן פאַר רינדער,
ליכטיקע שטיבער
און שולן פאַר קינדער.

מען בויט אויף מילן
און העלע קאָלווירטן, —
עס לייכטן די צילן
אין לאַנד ערשט באַרירטן.

און כמאַרעט מיט פליגן
די ריזיקע טאַיגע?
מען וועט זיי באַזיגן,
האָט נישט קיין דאַיגע!

באַם בויען בעציבער
אינײנעם, אינײנעם, —
דאָס לעבן איז ליבער
מיט ברידער און שכײנים.

דער דאָר וועט פאַרזייען,
דער דאָר וועט נאָך אַרבן, —

מען וועט זיך דערפרייען
באַם בינדן די גאַרבן.

בלויז מיד נאָר נישט ווערן,
די הענט נישט פאַרלייגן, —
אַזוי פיל וועט ווערן,
אַזוי פיל שוין אייגן!

עס טראָגן זיך בסורעס
פון לאַנד ערשט באַרירטן,
די אַקערס אַף שורעס
פון נייע קאָלווירטן.

עס הײלט אוים דעם צווייפל
די ערד דאָך, די רויע, —
אַ פּאַס דאַרף אַ רייפל,
עס גרינט שוין די סויע.

דער הימל פאַרכידעשט,
דער וואַלד איז אין ציטער, —
די ערד ווערט געיידישט
פון זייער און שניטער.

די פייגל אין שוועבן
זיי קוקן זיך איבער, —
מען בויט דאָ אַ לעבן
בעציבער! בעציבער!

# קאָלוווירט

אזוי ווי די פידל
אין האנט פונעם פידלער,
אזוי אויך דער רידל
אין האנט פונעם רידלער.

און ווער בא דעם קוימען,
און ווער בא דעם טראקטאָר, —
עס נעמט איין די רוימען
א מענטש, א געוואגטער.

די האמערס, — זיי קלעפלען
אַף ווענט און אַף דעכער, —
דאָס לאנד נעמט זיך טרעפלען
אלץ העכער און העכער.

א ייד מאכט דאָרט שיכלעך,
אַן אנדערער העמדער,
און דער, וואָס שרייבט ביכלעך
איז אויך נישט קיין פרעמדער.

קומט אָוונט באַם פּייער,
מען זעצט זיך איניינעם, —
גערעטן איז הײ־יאָר,
עס פעלט גאָרנישט קיינעם.

די אויפעס, די רינדער
אין ליבשאַפט זיך פאָרן,
עס שפּילן זיך קינדער
מיט בלימלעך אין קאָרן.

און לייגט מען זיך שלאָפן,
דער שלאָף איז אַן זאָרגן, —
איז נאַכט שוין אַנטלאָפן,
ברענגט פרייד דער פרימאָרגן.

# אונדזערע טייכן

א שאָד, וואָס די לירע
אַרוים איז פון מאָדע, —
איך וואָלט צו דער בירע
געשפּילט איצט אַן אָדע.

אַן אָדע אַ פּראָסטע,
אַז האַרץ וואָלט צעגאַנגען
פאַר נעצן געלאָזטע
אויף פיש דאָרט צו פאַנגען.

די מוידן, די יונגען
אויף וואַסער פון בירע, —
עך, וואָלט עס געקלונגען
מיין האַנט אויף דער לירע!

א שאָד, וואָס די לירע
איז איצט א שאַבלאָנע
אַזוי ווי די שירע
צו בלאַסער לעוואָנע.

נאָך גוט, וואָס פאַראַנען
אויך אַנדערע טייכן,
אָט וועל איך בידזשאַנען
מיט בירען פאַרגלייכן.

און ביידן צו דריטן, —
אַמור איז דער גרעסטער!
זיי וועלן באַהיטן
די ברידער, די שוועסטער!

# נעם-ציווינע

ברוינלעכע בערגלעך מיט ביימלעך באזעצטע,
בלימלעך און גראָזן מיט טויען באנעצטע,
וויגן זיך צווייגן אין זונליכט און גלאַנצן
און אַף די צווייגלעך זיך גילדן מאַראַנצן,
דאָ, און דאָרט שטיבלעך באַכיינטע אזוינע, —
אָט אזוי ליגט זיך אין וועג נעם-ציווינע.

און אז די זון לאָזט פארנאכט זיך אַרונטער,
ווערן קאָלירן דאָרט בונטער און בונטער, —
פייגל אין גלייכע אומצאָליקע רייען
טוען א הייב זיך אין לופט מיט געשרייען,
און ווי די פייגל אין דאָרף נעם-ציווינע,
שפּילן זיך קינדער מיט פּענעמלעך ברוינע.

פאָרט ווען א רייטער פארביי אַף א פֿריידע,
ווערן פון שיינקייט פארקישעפט זיי ביידע.
ער גלאָצט די אויגן און זי קוים זי רירט זיך
ביז אָט דער יישעוו פון הינטן פארלירט זיך, —
מאַכט נישט, צי איז ער אַ פריינט, צי אַ סוינע,
יעדער מוז בענטשן אין וועג נעם-ציווינע.

# באַרוך אַדוישעם יוים, יוים!

מיט בייטשנקנאַלעריי איבער אונדזערע פּלייצעס
און מיט שניידנדיקע לייצעס
ווערן מיר געקערעוועט פונעם טעהוים.
באַרוך אַדוישעם יוים, יוים,
פאַר יעדער שאָ,
וואָס איז דאָ,
פאַר יעדער מינוט
אונטער דער רוט.

די צייט וועט זיך ביימן!
עס וועט קומען צורייטן
דער גויעל האצעדעק פון ווייטן
אפן רוקן פון אונדזער פיין
און מיטברענגען וועט ער די שיין,
און די זון וועט ווערן אונדזערע אויך.
איצט איז א טשאַד און אַ רויך
אַזאַ געדיכטער, געדיכטער,
און עס שפּאַנט אום אַ יידישער דיכטער

צוזאמען מיט זיין דאָר
און זינגט און וויינט מיט אלעמען אין כאָר.
עס טרעפט אויך אין א בעהאָלע,
ווען ער צעזינגט און צעוויינט זיך אין א סאָלאָ,
איז ער אפילע
אויך דעמאָלט דער באַל-טפילע
פון דער גאנצער קעהילע.

עס זינגט און וויינט דער דיכטער
מיט דער מאסע, דער געדיכטער
ביים ראנד פון יעדן טעהוים:
— בארוך אדוישעם יוים, יוים, —
און ער זאָגט אזוי צו זאָגן:
— לאָמיר אונדזער לעבן טראָגן
און דאָס נישט צעפּאטערן,
לאָמיר פלאטערן,
ווי פאָנען צו די וויטן,
ווערט דערזען דער גויעל האצעדעק און קומען צו רייטן,
וואָס שנעלער,
און אזא העלער
און אזא ליבער
וועט ער זיצן מיט אונדז אין אונדזערע שטיבער.

# מ׳יר דאַרפֿן נישט קיין אוילעם־האָבע!

איז ווי זשע האָט עס געזונגען דער צעליכטיקטער ייד
מיט די אויגן ארויף און דעם הארצן צעגליט
צו האקאָדעש־באָרעך־הו?
— דו! אָ, דו! אָ, דו! —
האָט געזונגען דער צעליכטיקטער ייד
מיט די אויגן ארויף און דעם הארצן צעגליט
און די הענט אויסגעשפרייט
אין דערהויבענער פרייד
צו האָקאָדעש־באָרעך־הו:
— דו! אָ, דו! אָ, דו! —
האָט ער געזונגען בעסימכע ראבע.
— מיר דארפן נישט קיין אוילעם האבע,
נאָר דיך!
נאָר דיך!
נאָר דיך!

ניין, ניין! מיר וועלן נישט אויסטאָן די שיך
און קיין שיווע וועלן מיר זיך נישט זעצן
און אונדזער ערד וועלן מיר נישט באַנעצן

בלויז מיט אונדזערע טרערן,
נאָר מיט שוויים וועלן מיר, קעדיי צו ווערן,
און געבערן
פאר די קומענדיקע דוירעס.

מיר זיינען אלע דאָ מענוירעס
פאר אונדזער וואָכעדיקן לעבן.
מיר וועלן די הענט זיך געבן
און זינגען צו דעם יאָך
פון אונדזער שווערער וואָך.

און זינגען וועלן מיר, ווי יענער צעליכטיקטער ייד
מיט די אויגן ארויף און הערצער צעגליט
מיט דערהויבונג, בעסימכע ראבע:
— מיר דארפן נישט קיין אוילעם האבע!
— מיר דארפן נישט קיין אוילעם האבע!
נאָר כעסעד און ליבשאפט צו מענטשן
און מיט זיי א מעזומען צו בענטשן!

# אינעם גאַנג צו דער זון

אזוי פיל געזאנג
אינעם גאנג
צו דער זון.
— וואָס זשע וועט ווערן דערפון?
עס וועט ווערן!
די וועלף און די בערן
וועלן מער נישט פארצוקן קיין רינדער,
און נישט שרעקן קיין קינדער.
יעדער בלינדער
וועט זעעוודיק ווערן.
מיט גילדענע שערן
וועלן אליין זיך שערן די וואָל אַלע שאָף,
און אויסבייטן ביים מענטשן אַף שטרוי און אַף היי.
יעדע מאַיסע וועט האָבן א גליקלעכן סאָף,
און דער טרויער וועט צעגיין זיך, ווי פרילינג דער שניי.
אָט וואָס עס וועט ווערן דערפון
ווען אלע וועלן גיין צו דער זון!

א קינד וועט אַף א וואָלקנדל רייטן
צו אלע הויכקייטן און ווייטן

און פירן וועט עס צו דער לעוואָנע
פון דער ערד א מאַטאָנע
עפּל און בארן און פּאָמעראַנצן,
און אלע שטערנדלעך וועלן זיך דערביי צעגלאַנצן
מיט זילבערנע שטראַלן.
קיינער וועט מער קיינעם נישט באַפאַלן
נישט באַטאָג און נישט באַנאַכט.
די ערד וועט צעעפענען איר טראַכט
און אונדז אלעמען געבן
גאָר אַן אַנדער מין לעבן, —
אָט וואָס עס וועט ווערן דערפון, —
ווען אלע וועלן גיין צו דער זון.

# שאָלעם אַל ייסראָעל

שאָלעם אל ייסראָעל, שאָלעם! —
זינג עס, זינג עס נאָכאַמאָל.
ווי א שיינער כאָלעם
קלינגט צו מיר דאָס קאָל.

ווי דאָס קרייען פון די הענער,
ווען קאיאָר צעגליט,
זיינען זיסע אָט די טענער
פאַר דעם שווער געמיט.

מיד שוין, מיד שוין פון מאכלויקעס,
מיד פון סינעדיק געיעג!
נעם די פויק, צעפויק עס
איבער יעדן, יעדן וועג!

שפרייט און ברענג דעם וואונדער
איבער יעדן סקווער און גאס, —
מיד שוין, מיד שוין פון באזונדער,
מיד שוין פון דעם האס.

אַזאַ פרייד אין טראַט צו שפאַנען
צו דעם אויפגאַנג פון קאַיאַר!
איז אַן אַנדער וועג פאַראַנען
צו דער אויסגעבענקטער וואָר?

שאַלעם אל ייסראַעל, שאַלעם, —
זינג עס, זינג עס נאַכאַמאַל!
סינע־שפרייטער — זאָל אים
אָפּגענומען זיין דאָס קאָל! —

# גיי אַרויס און פֿאַרזיי

לידער פון האָפענונג פארן מאָרגן, —
וואו זיינען זיי פארבאָרגן?
וואו וואקסן זיי?
גיי ארויס און פארזיי
אין נאכטיקן שווארץ
דאָס ליכט פון דיין הארץ,
די ליבשאפט פון דיין געמיט,
און אזא מין ליד
וועט זיך צעיערן
און עס וועט געבערן
די זון
און
דעם קאיאָר —
וואָר
און כאָלעם
וועלן בעשאָלעם
זיך באגעגענען
און זיך נישט געזעגענען
מיט קיין טרויער אין די אויגן.
א גילדענע פאווע געפלויגן, —
זי פליט נאָך, זי פליט
מיט איר ליד!

# מאָנטרעאָל

שטילע, אָוונטיקע מעלאָדיעס
ציען זיך און ציען
איבער ווייסן קאלטן שניי.
וואָס ווילן זיי?
זיי פירן
צו טירן
דיר אהינטער.
א שווערער ווינטער
אין מאָנטרעאָל.
ער ליגט ווי אן אָל
אף די שוועלן.
נאָר אזעלכע וואונדערלעכע געמעלן
זיינען אף אלע שויבן.
שנייעלעך, ווי פליגעלעך פון ווייסע טויבן
צאפּלען זיך און ציטערן.
הארץ, אָ הארץ, לאָז זיך נישט פארביטערן
פון ווינטיקע געוויטערן!

שטילע אָוונטיקע מעלאָדיעז, —
ווייסע טויבן פלאטערן און ציען, —
וואָס איז זייער ציל?
אזוי ווייס און שטיל
אַף אלע שויבן, —
א גוטע נאכט אייך ווייסע, צאפלדיקע טויבן!

# דער לערער דערציילט

אַז קינדער קומען ווינטער אין קלאַס
אין קליידער, אין שיכלעך צעריסענע,
קוקן זיי אויס, ווי פייגעלעך פון גאַס
מיט פליגעלעך האַלב אָפּגעביסענע.

זיי טומלען נישט און שפּרינגען נישט אום,
פאַרגעסן אײַנגאַנצן צו ליאַרעמען,
זיי זעצן זיך אויס פאַרמאַטערט און שטום
און זיינען אויסן זיך בלויז צו דערוואַרעמען.

איז גוט, אַז אין שול איז אַ ראַדיאַטאָר דאָ,
וואָס וואַרעמט, ווי אין הייזער נעגידישע,
אָבער, וואָס טוט מען, אַז אַזוינס איז נישטאָ,
ווי עס טרעפט אין די שולן, די יידישע?

דענסטמאָל ציטערן די קינדער פון קעלט,
און דער לערער רויטלט זיך פאַר בושע,
ער טרייסט זיי מיט אַ נייער וועלט,
וואָס וועט צעטיילן דער אַלטערס ירושע.

דער אלטערס ירושע? אַ, גרויס איז זי גרויס,
נאָר זי איז נישט קיין גלייך אויסגעטיילטע
אַז די נייע וועט קומען, וועט זי ברענגען אַ שוים
מיט מאנדלען און ניסלעך געשיילטע.

און נישט נאָר מאנדלען און ניסלעך, נאָר ראָזשינקעס אויך.
פאר יעדערן, ווער סע וועט וועלן,
אין א וואָכיקן טאָג וועט א גילדענע יויך
זיך יעדערער קענען באשטעלן.

אַ גילדענע יויך מוז זיין זייער גוט און געשמאַק,
נאָר בעסער פון איר זיינען מאַרציפּאַנעס;
די נייע וועלט וועט ברענגען א פולן זאק
און קיינער וועט צו איר נישט האָבן קיין טאַינעס.

קינדערשע מאַנטעל׳עך, היטעלעך, שיך? —
אָך, מיטן גרעסטן און שענסטן פארגעניגן!
דערוואקסענע וועלן האָבן בעטן פאר זיך
און קינדער וועלן שלאָפן אין זילבערנע וויגן.

אין קלאס איז שטיל, אזוי שטיל אז דאָס קאָל
פונעם לערער איז ווי א צודעק פון פעדערן,
אַף דער ערד איז דאָ פון אַלצדינג אָן אַ צאָל
פאר דיר און פאר אים און פאר יעדערן.

נישט מער, ס׳איז די נארישע האנט, וואָס טיילט נישט אזוי,
ווי זי וואָלט געקאָנט און גענדאַרפט דאָ צעטיילן, —

דער טאָג קוקט אריין דורך די פענצטער אין גרוי,
און דער לערער הערט נישט אויף צו דערציילן.

און אז ער דערציילט, איז זיין פּנעם אזא,
וואָס ווערט צו די קינדער ליב און נאָך ליבער, —
זיי זיצן און הערן און שטיל און שאַ,
זיי ווינקען אפילע זיך איינס מיטן צווייטן נישט איבער.

דער ווינטער-טאָג מיט זיין שניי און זיין פראָסט, —
ער קוקט דורכן פענצטער און ער הערט אויך די מאַיסע,
וואָס איז אזוי קלאָר, אזוי שיין, אזוי פּראָסט,
נאָך פּראָסטער און שענער פון דער ציג, פון דער ווייסער.

געווען איז א ציגעלע, ציגעלע-ציג — אזא ווייסע, איז וואָס?
עס איז אָפּ דער שווארצער דאָך אויך א ראַכמאָנעס! —
אז נישטאָ איז קיין וואסער, קיין בלעטער, קיין גראָז,
זיינען אלע ציגן דאָך גלייך אין סאַקאָנעס.

אין קלאַס אזוי שטיל, אזוי שטיל און דאָס קאָל
פונעם לערער הערט אויף נישט צו ציטערן, ציטערן, —
עס וואַקסט דאָך געגוג אָפּן באַרג און אין טאָל
פאַר אים און פאַר דיר און פאַר פּי אָפּ צו פיטערן.

אז די נייע וועלט וועט קומען צו רייטן אהער,
וועט זי זיין ווי א זון א צעשטראַלטע,
און ווי אַ מויז פון אַ הויז דורך אַ טונקעלער רער
וועט אנטלויפן, פארשווינדן די אלטע.

מיר ווילן נישט טרויערן, נישט בענקען נאָך איר,
ווייל נישט ליב איז זי אונדז און נישט טייער, —
מיר ווילן בלויז מאַיסעס דערציילן פון איר
באַם ליכטיקן, ווארימען שיין פון פייער.

די מאַיסעס, ווי לידער, וואָס זינגען זיך אויס
פון דעם, וואָס געווען און איז שוין פארשוואונדן, —
אמאָל האָט די קעלט פארפרוירן א קינד אין א הויז
בעשאַס אין א צווייטן האָט א קאָמין זיך געצונדן.

אמאָל האָבן מענטשן שווערדן און שפיזן געשארפט
און איינער דעם צווייטן געקוילעט, געשאָכטן,
איין מאמע האָט פארן קינד א שטיקל כאלע געדארפט,
בעשאס די אנדערע האָט קוילעטשן ווייסע געפלאָכטן.

אַז די נייע וועט קומען, וועט נישט זיין מער קיין רויב
און פרייע און ברייטע וועלן זיין אלע וועגן, —
דער אָדלער וועט מער נישט פארצוקן קיין טויב
און דער לייב מיט דער ציג וועלן זיך טאנצן אנטקעגן.

אפילע דער ווינטער מיטן פראָסט און דעם שניי
וועט מער נישט רייטן אַף שטורעמס קיין ווילדער,
די קינדער אין רינג און ער צווישן זיי
וועט שטיפן, ווי א זיידע א גוטער, א מילדער.

אין קלאַס אַזוי שטיל, אַזוי שטיל און דאָס קאָל
פונעם לערער איז ווייך, ווי זיינע צעעפנטע אויגן, —

די אַלטע וועלט איז, ווי אַ מעשׂה פֿון אַמאָל,
וואָס געווען און איז לאַנג שוין פֿאַרפֿלויגן.

פֿאַרפֿלויגן אַהין וואו דאָס פֿעפֿערל וואַקסט
פֿונעם בוכטש, וואָס די נייע האָט איר געגעבן, —
נישט אין לופֿט, נישט אויף וואָגן באַרעדערט, באַאַקסט
וועלן מיר זיך אומקערן צום אַמאָליקן לעבן.

סיידן אַמאָל אין אַ בוך, צי גאָר אין אַ בילד,
דורך קישעף פֿון וואָרט און דורך שפּיל פֿון קאָלירן
וועלן מיר, ווי דורך שלייערן דינע געהילט
זיך לאָזן צו דער וועלט צו דער אַלטער פֿאַרפֿירן.

קעדיי דערנאָכדעם דערציילן אַ מעשׂה פֿון איר
פֿאַר קינדערלעך גרויסע און קינדערלעך קליינע, —
עס שמייכלט דער לערער: נו, קינדער, זאָגט מיר,
איז עפּשער די מעשׂה אָט די נישט קיין שיינע?

די פֿלעקלעך אַרויס און אַריין און דער האַמער טוט זיינס, —
ער שלאָגט פֿלעקלעך און טשוועקלעך איבער די קנאַפּל!
העי, קינדער, נאָך אַ מעשׂהלע שיינס און אַ פֿיינס,
ווער שרייבט איצט אַ זאַץ אויפֿן טאָוול?

עס זיצן די קינדער נאָך שטילער פֿון שטיל אינעם קלאַס
און וואַרטן אויף מעשׂהלעך מערער און מערער,
און אַז זיי גייען דערנאָכדעם אַרויס אויפֿן גאַס,
קוקן אויגעלעך דערוואַרעמט אין לופֿטן, דער לערער.

# די אונטערטאַנען, נעבעך!

אַן אלטן קעניג נימעס איז געוואָרן
דאָס קעניגן אַזוי פיל יאָרן.
א סאַמעטענע טראָנשטול, אַן אויסגעבעטע,
איז אַן אַפּקומעניש, ווי א דיעטע.
אַזוי האָט ער געזאָגט אַזוי צו זאָגן
און גענומען פאַר דער קעניגן זיך קלאָגן:
אין טראָנשטול זיצן? — ער ווינטשט עס זיינע סאָנים!
א קרוין, א צעפּטער? — וואָס האָט דאָס פאַר א פּאָנעם?
האָט דער אַלטער קעניג קרוין און טראָן פאַרלאָזן
און אויף די וועגן זיך געלאָזן.

א ליידיקער דער פּאַלאַץ, עס פּוסטעוועט דער טראָן,
איז וואָס זשע זאָלן נעבעך די אונטערטאַנען טאָן?
וואָס איז דאָס פאַר א לעבן אָן א שטיקל קעניג,
אַז דער טאַטע האָט געזאָגט: זיי גוט און פרום און אונטערטעניק!
נו, גוט און פרום, איז גוט און פרום, אָבער אונטערטעניק?
דערצו מוז יעדער אונטערטאַן האָבן דאָך א קעניג!
דער אַלטער קעניג איז אַוועק פון דאַנען,
זיפצן אין דער שטיל פאַר זיך די אונטערטאַנען:
— צו וואָס, מעשטיינסגעזאָגט האָבן מיר געהיט דאָס לעבן?
אַז נישטאָ איז איצט פאַר וועמען דאָס אַוועקצוגעבן!

וואָס זשע זאָלן טאַקע אונטערטאַנען מיטן בידנעם לעבן טאָן?
אז אַ לײדיקער דער פּאַלאַץ און אַ פּוסטער איז דער טראָן!
זאָלן זײ זיך מיטן לעבן אָט אַזוי שוין פּלאָגן,
ביז זײ װעלן דאָס אין קײװער אַרײַן דערטראָגן?

אז קײן קעניג איז נישטאָ זײַנען אױך קײן פּרינצן נישט פֿאַראַנען!
פֿון װעמען װעלן כאַלעמען די טעכטערלעך פֿון אונטערטאַנען?
אַמאָל איז דאָך געװען אַ פּרינץ, פֿלעגט ער אױף אַ פֿערדל רײַטן, —
שפּאָרן אױף די קנאַפּל, שװערדל און פּיסטויל אױך בײַ די זײַטן.
מיצעלע און טוניקל פֿון ראַשיקע קאָלירן,
פֿלעגט אַזאַ אַמאָל זיך פֿאַר אַ טעכטערל אױך דולירן.
איצט איז אױס! — קלאָגן טעכטערלעך מיט טרערן, —
וואָס זשע װעט פֿון אָט אַזעלכע טעכטערלעך שוין װערן?

אז קײן קעניג איז נישטאָ, זײַנען קײן פּרינצעסנס נישט פֿאַראַנען!
פֿאַר װעמען װעלן דולירן זינדעלעך פֿון אונטערטאַנען?
אַן אונטערטאַנס אַ זינדעלע אױף אַ פֿלינקן פֿערדל,
אַ קנעפּל אױפֿן מיצעלע און אױף דער זײַט אַ שװערדל.
פֿאַר דער פּרינצעסן גרײט איז ער דורך קעלטן און דורך היצן, —
אַן אונטערטאַנס אַ זונדעלע איז דער פּרינצעסן צו באַשיצן!
און אַז פּרינצעסנס זײַנען מער שוין נישט פֿאַראַנען!
וואָס־זשע װעלן טאַקע טאָן די זינדעלעך פֿון אונטערטאַנען?
זאָלן זײ זיך מיטן לעבן אָט אַזוי שוין פּלאָגן
ביז זײ װעלן דאָס אין קײװער אַרײַן דערטראָגן?

אַ ראַכמאָנעס אױף די אונטערטאַנען, — װאָס װעט מיט זײ װערן?
נעבעך, נעבעך, — פּראָסטע בירגער אין אַ לעבן אַזאַ שװערן!

# קוקורייקו!

קוקורייקו! קוקורייקו!
שרייט מיט גאַדלעם אוים דער האָן:
קוקורייקו! קוקורייקו!
קומט אהער און קוקט מיך אָן,
און די הינער: — טיו־טיו־טיו!
קומען פון די ווינקלען אָן.

איינע מיט א געלן פלעק
רוקט זיך נאָענט צו אים צו,
דרייט כאַניפּעדיק דעם עק
און זי רעדט צו אים פער־דו:
— טייערינקער, שיינער האָן,
איך האָב א קערנדל, נעם צו,
ווייל קרייען, ווער עס קאָן
אזוי ווי דו,
יענעם קומט א קרוין, א טראָן
און א קעניגרייך דערצו!

הערט דער האָן צו איר זיך צו
און ער גלויבט זי אפן וואָרט:

— קוקורייע־רייע־רייע־קו! —
שרייט ער שוין צו יעדן אָרט
און ער כאזערט איבער שוין איר וואָרט:
— קרייען ווער עם קאָן
מיט אַ קאָל אזוי' ווי איך
יענעם קומט א טראָן,
שפּראָנטשקעס אַף די שיך
און א קעניגרייך דערצו.
און די הינער גיכער, גיך
צו דעם קוקורייעקו
מיט די פּיס אַ שאר, א קער
און די קערנער מער און מער
קלייבן הויפנווייז זיך אָן
פאר דעם קרייענדיקן האָן.

שפּאנט דער האָן צווישן זיי,
ציט נאָך לענגער אוים דעם קריי:
קוקורייקו! קוקורייקו!
און די הינער: — טיו! טיו! טיו!
קוקן מיט פארגאפונג אָן
אָט דעם קרייענדיקן האָן
און קודאכטען גליקלעך צו
צו זיין קוקורייעקו!

# ווען רעב אַקיווע האָט געגידערט קיין רוים

ש. סעקולערן

ווען רעב אקיווע האָט געגידערט קיין רוים צום קעניג דאָמיציאַן,
קעדיי בא אים אויסצובעטלען פאר זיין פאָלק א נעדאָווע,
און ער האָט דערזען וויפל פרייד עס איז פאראן,
און וויפל הארכאָווע
אין אָט דער שטאָט,
זיינען אויפגעשטאַנען פאר אים די כורוועס פון זיין אייגן לאנד,
און עס האָט זיך צעציטערט זיין טראָט.
ער האָט א הויב געטאָן זיין ציטערדיקע האנט
און מיט איר זיינע שיינע אויגן פארדעקט.
ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר נישט געקלעקט
האָט דאָס וואָרט אין זיין מויל.
ער איז געבליבן שטיין און דורך טיפער גרויל
האָט ער מיט די אויגן געקוקט
און מיט די אקסלען געצוקט.

אָבער, ווען די וואָס זיינען מיט אים מיטגעגאנגען
זיינען אין א שלוקערכצדיק געוויין זיך פארגאנגען,
האָט זיך רעב אקיווע געשטאַרקט און געזאָגט

צו זיי אזוי צו זאָגן:
— נישט וויינט און נישט קלאָגט,
ווייל מיט וויינען און קלאָגן
וועלן מיר אונדזער צעבראָכענע בריק
נישט אויפבויען צוריק!

רוים האָט געיואוולט מיטן זאק רויב פון אירע צוריקגעקערטע קריגער,
די לופט איז געווען פול מיט צעווייעטע פאָנען פון זיגער,
און פונעם גרויסן טיטוס־טויער
האָבן אין שטילן, צאפלדיקן טרויער
די צייכנס דערציילט
פון דער יידישער וואונד, וואָס איז נישט פארהיילט,
ווייל אין איר איז נאָך אלץ געשטאָכן די רוימישע שפיז.
רעב אקיווע האָט דערפילט א וויטיק, ווי פון א שלאנגען־ביס,
אָבער ער האָט דעם וויטיק נישט באוויזן.
מיט א טאָן, א דורכגעטראכטן און א קילן
האָט ער אָנגעהויבן ריידן וועגן ריזן,
וואָס גייען צו זייערע צילן
פארביסן און אקשאָנעסדיק,
און זיי ברענגען דעם זיג
אויף די אקסלען פון זייער געלייטערטן גלויבן.
פלוצלינג האָבן אין דער לופטן זיך צעפליגלט צוויי טויבן,
אזעלכע ציכטיקע און ווייסע.
רעב אקיווע האָט אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשׂה
פון דער זון, וואָס רייסט זיך פונעם וואָלקן ארויס,
און פון א דערשלאָגענעם, וואָס גלייכט דעם רוקן אויס
סאָף קאָל סאָף,

און פון א שאָף,
וואָס וואַרעמט זיך אין איר אייגענער וואָל.
הער, הער, עס ציט זיך רעב אקיוועס קאָל
און אָט די מאַיסע נאָך איצט.
אַף יעדן שייד-וועג זיצט א קריצער און קריצט
זי איבער ווידער און ווידער
אין צעליכטיקטע לידער.

נישט טויט איז רעב אקיווע,
און מיר זיינע אייניקלעך זיצן נישט קיין שיווע
אַף דעם, וואָס מיר האָבן פארלוירן.
דאָס לעבן איז טייג, וואָס ווערט אָן אויפהער געיוירן, —
קנעטן מיר דאָס טייג אין די מולטערם
שולטערם צו שולטערם
שולטערם צו שולטערם
ביז עס וועט ווערן פארטיק צום באַקן,
און דעמאָלט וועלן מיר דאָס מילכאָמע-קלייזאַיען צעהאַקן,
קעדיי דער אויוון פארן ברויט זאָל זיך העלער צעברענען,
און בא דעם ברויט וועט מענטש מיט מענטש זיך בעסער דערקענען.

# צוועלף ייִנגלעך

צוועלף ייִנגלעך, ווי די שטראַלן
צעגליטע און לויטער
זײַנען קעדוישים געפאַלן
פאַר פאָן, דער רויטער.

ווי די פייגל פונעם אויבן
גיך, גיך צום אַרונטער
פאַר זייער גלויבן
רויטן, ווי צונטער.

בליציק אָפּגעגעבן
אַף קידעש האַשעם זיך, —
אָ, כווישעך פון לעבן,
פאַרשעם זיך! פאַרשעם זיך!

צוועלף ייִנגלעך, ווי שטראַלן
פון ליכטיקע זונען, —
די נאַכט איז צעפאַלן,
דער כווישעך צערונען.

נישטאָ מער די הונען,
פאַרמעקט און פאַרשוואונדן,
צוועלף ייִנגלעך, ווי זונען
צעהעלט און צעצונדן.

צעהעלטע און ווייסע,
ווי ליכט פון מענוירעס, —
אַ ליכטיקע מאַיסע
אַד סאָף קאָל האַדוירעס!

# די מעציע

א.

די דאָזיקע מאַיסע איז לאנג שוין געשען, —
באַ אונדז אינעם שטעטל אַ ייד איז געווען.
געהאט זיך זיין אייגנס א פערד און א שפּאַן
און וואו נאָר אַ טראַקט אינעם טכום איז פאַראַן
האָט טיף אין די זאמדן באם זייט, צו אין מיט
געלאָזן דאָרט צייכנס זיין פערד מיט די טריט.

עס האָבן די גויאים אים אלע געקענט,
געליגן א קערבל, געצאָלט אים פראָצענט:
א טעפּל קארטאָפליעס, א מעסטל מיט מעל,
אמאָל אויך פארקויפט אים א שעפּסענע פעל
און פאטשערקעס, סטענגעס און זייף אלערליי
אויסבייטן פלעגט ער אַף וואַקס און אַן איי.

אין איין דאָרף באטאָג, אין א צווייטן באַנאַכט,
און נעכטיקן פלעגט ער, וואו ס'האָט זיך געמאכט, —
א שייער, א שטעלכל, — אבי נאָר א דאך,
עס האָט אָט דער ייד נישט פארלאַנגט גאָר קיין סאך

און שטיל און צופרידן איז ער זיך געווען
ביז אָט אָ די מאַיסע מיט אים איז געשען.

ב.

איינמאָל אונטערוועגנס, — עס שלעפּט זיך דאָס פערד
נו האָט אין מאַכשאָוועס דער ייד זיך פאַרקלערט
דאָס גראָז אַזוי פריש, א גרינער דער וואלד
און ער אַזאַ גרויער און מיד שוין און אלט,
די זון, וואָס פאַררוקט זיך א רויטע אָט דאָרט,
שלעפּט פּונקט, ווי זיין פערד זיך פּאַמעלעך פון אָרט,
זיין פערדל דאָס דאַרע — א טריט און א טראָט,
און ער אין מאַכשאָוועס פאַרקלאָגט זיך פאר גאָט:

אוועק איז די וואָך שוין און ווינציק פאַרדינט,
אין דר'היים דאָרף באַרמיצווע באַלד ווערן זיין קינד,
ווען גאָט וואָלט מיט עפּעס נאָך היינט אים באַגליקט
און אים אָ מעציע אין וועג צוגעשיקט, —
בא גאָט איז דאָס מעגלעך, בא אים איז דאָס גרינג,
ער איז דאָך א גאָט און ער קאָן דאָך אלצדינג, —
עך, וואָלט ער עס דענסטמאָל אָ באַרמיצווע געמאַכט, —
עס שלעפּט זיך דאָס פערד אנטקעגן דער נאכט.

און ווי אונדזער ייד זיצט אַזוי זיך פאַרקלערט,
דערפילט ער, ווי פּלוצלינג שטעלט אָפּ זיך זיין פערד.
„וויאָ" היינט און „וויאָ" מאָרגן, עס רירט נישט פון אָרט
ער קרייזלט די פּייעס און גלעט זיך די באָרד

און פרעגט דעם מיט גוטן: — וואָס הייסט? און וואָס טייטש?
און פּאָכעט א בייזער אין לופט מיט דער בייטש,
נאָר פונקט ווי א שטיין וואָלט געוואָרן פון פערד,
עס הויבט נישט קיין פוס אויף שוין מער פון דער ערד.

ג.

פאלט איין אונדזער יידן אז דאָס איז נישט גלאַט,
ער האָט אַזאַ זאַך נאָך ביז איצט נישט געהאט
לאָזט ער פונעם וואָגן אַף גיך זיך אראָפּ
און בויגט צו דער ערד איין צושראָקן דעם קאָפּ,
נאָר דאָ ווערט זיין שרעק נאָך פארמערט און פארמערט, —
א באָק מיט א בערדל געבונדן אַף דר׳ערד.

א בעקל געבונדן, — ווי קומט דאָס אהער?
ער קרייזלט די פּייעס און טוט זיך א קלער, —
צי האָט עס נישט גאָט איצט זיין טפילע דערהערט
און אים צוגעשיקט דאָ א בעקל אַף דר׳ערד?
נו נעמט ער דאָס בעקל אין וואָגן צו זיך, —
דאָס פערד הויבט די פיס שוין און שפּאנט אין דער גיך
נאָר פלוצלינג, ער ווייסט נישט פארווען און פארוואָס,
דערפילט ער אין האַרצן אַז דאָס איז נישט דאָס,
דאָס בעקל פון הינטן: מע־מע און מע־מע!
און אים אפן הארצן איז עפּעס מע־בע.
די נאכט איז א שטילע, דער וואלד אזוי שווארץ,
ער פילט ווי עס דריקט אים א שטיין אפן הארץ.

ד.

א באָק איז אינגאַנצן צוויי גילדן די ווערט,
אַזויפיל עסט אויף דאָך אין איין וואָך זיין פערד,
ווען גאָט וואָלט אַף עמעס זיין טפילע דערהערט,
אָנשטאָט אַט דאָס בעקל, אַן אָקס אים באַשערט,
נו, וואָלט ער דעם אָקס דאָך צום קאַצעוו געפירט
און מיטן מעזומען די הענט זיך צעפירט
א מאַלבעש פאַר ווייב, אַ פּאָר טפילן דעם זון, —
א בעקל איז גאָרנישט, — וואָס האָט מען דערפון?

און ווי אונדזער ייד זיצט אַזוי זיך פאַרקלערט,
דערפילט ער, ווי קוים, קוים עס רירט זיך דאָס פערד.
„וויאָ" היינט און „וויאָ" מאָרגן, — עס העלפט נישט די רייד
עס קרעכצן די רעדער, דאָס פערד, קוים עס גייט,
פאַלט איין אונדזער יידן, אַז דאָס איז נישט גלאַט;
ער האָט אַזאַ זאַך נאָך ביז איצט נישט געהאַט
ער דרייט אוים די אויגן און כאַפּט זיך באַם באָרד
נישטאָ שוין דער באָק מער, — אַן אָקס אַף זיין אָרט.

נו זעט ער דאָך קלאָר שוין אַז גאָט האָט באַגליקט
אָנשטאָט יענעם בעקל אַן אָקס צוגעשיקט,
נו, טוט ער צום הימל די אויגן אַ הויב
און שיקט גלייך אַהינצו אַ דאַנק און אַ לויב
און איצטער, אַז גאָט האָט זיין טפילע דערהערט,
פאַרגעסט ער אינגאַנצן דעם וואָגן און פערד,
ער פּאָכעט דאָס בייטשל און טראַכט און ער טראַכט
און מערקט נישט ווי שוואַרצער עס שוואַרצט זיך די נאַכט.

ה.

דער וועג איז א לאנגער, ער ציט זיך און ציט,
עס האָט בא דעם יידן דער קאָפּ זיך צעגליט.
פון הינטן דער אָקס מו־הו און מו־הו.
עס פילט אונדזער ייד אין זיין הארץ נישט קיין רו
אַן אָקס איז אינגאַנצן ח״י קערבלעך די ווערט,
נישט מער ווי עס קאָסט אים זיין וואָגן און פערד.
ווען גאָט וואָלט אַף עמעם אין וועג אים באַגליקט
און אים עפּעס אנדערש דאָ היינט צוגעשיקט, —
אַ בעקל, אַן אָקסל, — קאַבצאָנישדיק גליק,
ווען גאָט וואָלט אין וועג דאָ געטאָן אים א שיק
א שטייגער אַן אויצער, — א פעסל מיט געלט,
אוי, וואָלט ער עס גליקלעך געלעבט אַף דער וועלט!

און ווי אונדזער ייד זיצט אזוי זיך פארקלערט,
דערפילט ער, ווי לייכטער נעמט גיין שוין זיין פערד
עס שוועבן אנטקעגן, ווי שאָטנס פארביי
דיביימער, די סלופּעס, צו צוויי און צו דריי,
פאלט איין אונדזער יידן, אז דאָס איז נישט גלאָט,
ער האָט אזא זאך נאָך ביז איצט נישט געהאט.

ו.

זיין פערד, ווי אַן אָדלער, צעלאָזט זיך און פליט,
ווי עמעצער וואָלט דעם געברענט אין די טריט,
ער דרייט אוים די אויגן, אוי וויי איז אים, וויי!
פארשטיקט ווערט אין גאָרגל בא אים דאָס געשריי, —

ווער שטייט אין זיין וואָגן, — א מענטש, צי א שעד?
עס ענטפערט דער שאָטן: — געהערט דיין געבעט,
נו האָב איך געיאָגט זיך דורך טונקעלער נאכט
און האָב דיר אַ פעסל מיט רענדלעך געבראכט!

אזוי האָט דער נעפעש דעם יידן מיט ברייטקייט געזאָגט
און פונקט ווי א וויכער דאָס פערדל זיך טראָגט
און פלוצלינג, עס וואקסט אוים פון נעפעש א ריז
און הייבט אָן צו פאָכען אין לופט מיט אַ שפּיז
און טוט מיט די ליפּן א זופּ און א בלאָז
און הייבט אָן צו שיטן מיט רענדלעך פון נאָז
און דאָ איז א כוישעך, א פעלד און א וואלד,
דער ייד פילט, דאָס כאיעס פארלאָזט אים שוין באלד.

א נעם, וואָס ער האָט זיך באציימנס געכאפּט
און פרום זיך אין הארצן כאָטאָסי געקלאָפּט: —
„ריבוינע שעל אוילעם, דו האָסט מיר באַצאָלט,
דערפאר וואָס איך האָב שוין היינט צופיל געוואָלט!"
אזוי האָט דער ייד געבעטן, גערעדט און געוויינט: —
„ריבוינע שעל אוילעם, אַ מענטש איז אַ כויטע, ער מיינט
אזוי און אזוי, אוי גאָטעניו גוטער, אוי וואָס זאָל איך טאָן?"
און טיף אין זיין הארצן האָט ער טשואווע געטאָן.

איז גאָט דאָך א גוטער, ער שטראָפט און פארגיט
ביפראט, ווען עס טוט צו אים טשואווע א ייד
און פלוצלינג, ווי גאָרנישט אַרום וואָלט געשען, —
דער וואָגן, דאָס פערדל אזוי ווי געווען,

פּאַמעלעך עס שלעפּט זיך אַ טריט און אַ טראָט, —
דער ייד אינעם וואָגן, — ער דאנקט איצטער גאָט.

נישטאָ מער קיין בעקל, קיין אַקסל, קיין געלט?
אַ דאיגע — דער וועג ציט זיך שטיל פאַרביי פעלד,
דאָס פערד גייט פּאַמעלעך, קוים, קוים, וואָס עס טרעט, —
דער ייד אינעם וואָגן פאַרטיפט אין געבעט,
נאָר נישט קיין מעציעס וויל ער שוין אַצינד,
ער וויל בלויז אהיים צו דער ווייב און דעם קינד.

און אָט איז אַ דערפל, פאָרט שטיל ער אריין,
אַ לאָמפּ דורך אַ שייבל ווינקט שטיל מיט אַ שיין.
ער קלאפּט אָף דער טיר, — זי עפנט זיך אויף, —
אַ מענטש איז אין וועג, — נו נעמט מען אים אויף, —
אוי גאָט איז אַ גוטער, ער שטראָפט, ער פאַרגיט, —
דערציילט האָט די מאַיסע אמאָל מיר אַ ייד.

## פאַרלאַג „איקוף"

בוענאָס-איירעס

---

א. סוצקעווער

### ווילנער געטאָ

פרייז 10.— $

---

אַלעקסאַנדער בעק

### פאַנפילאָווס מענטשן

איבערגעז. פון מ. וואָלאַנסקי

פרייז 10.— $

---

סימכע סנע

### בלעטער אַפן ווינט

פרייז: בראָש. 6 $, געב. 9 $

---

שאָלעם אַלייכעם

### דאָס מעסערל

אויסגאַבע פאַר קינדער. אילוסטרירט.

פרייז 1.— $

---

פאָרטרעט פון

### מענדעלע מויכער ספאָרים

אַרויסגעגעבן צו זיין 30טן יאָרצייט.

פרייז 0.50 $ פאָרמאַט 28×22

